# פעני קאופמאן

# יום טוב טעג

## לידער און פּראָזע



POEMS AND PROSE
by
FANNIE KAUFMAN

# פעני קאופמאן

## יום-טוב טעג

## לידער און פראזע



יאָרן פאַרגאַנגענע יאָרן
אין מיין פנים איינגעגראָבן,
ניט נאָר ליידן, זאָרגן
נאָר אויך פריידן טיף פאַרבאָרגן.

*Poems and Prose*

*by Fannie Kaufman*

# א װאָרט פון דער פארפאסערין

איך װידמע מײן בוך צו מײן באַרימטער שטעטל אָסטראָפּאָליע, װאָס איז אין תוך געװען ענלעך צו יעדן אנדער אידיש שטעטל, װאו עס האָבן געלעבט אונדזערע טאטעס און מאמעס, מיט זײערע אײגנאַר-טיגע מנהגים און פירונגען. בײ די אלע, װעלכע האָבן, אין זײערע קינדער יאָרן, אײנגעזאפּט יענע סביבה, איז שױן דאָס שטעטל פארבליבן אין זכרון, אויף קײן מאָל ניט צו פארגעסן.

פעני קאופמאַן

## אינהאלטס-פארצייכענונג

## לידער אינהאלטס-פארצייכענונג (פאָרז.) זייט



### דערציילונגען

## מײן מאמע׳ס ניט־געזונגען ליד

ניט געזונגען קײן ליד האָט מײן מאמע
בײַ מײן װיג;
און מיט קײן מאראנצן־זאַפט האָט זי מיר
ניט געקװיקט.

עס האָט א װינט דורך א צובראָכענעם פענצטער
מיט זײן בײזן מורמלען צום שלאָפן מיך
פארװיגט.

די נאכט האָט די מאמע׳ן פון קלײטל
געבראכט,
שטיל װי א געבעט, פלעגט זי שטײן בײַ מײן
װיג;
לאנג מיך באטראכטן מיט אירע טרויעריגע
אויגן;
א פאלענדיגער טרער געװען איז דאן איר ליד.

עס האָט די צארטע הויט פון מײנע קינדערשע
יאָרן
אײנגעזאַפט דער מאמע׳ס טרער פון אירע
טריבע אויגן;
עס האָט דער װינט אין מײן װעזן זײן אומרו
צעשפרײט,
אין שטורעמס מײן מאמע׳ס ניט־געזונגען ליד
אויפצוהויבן.

# לידער

פון

# נעכטן היינט
# און מאָרגן...

<u>לעבן</u>

מיך שרעקט ניט מײן פארגליװערטער מאָרגן ,
װען איך װעל ניט פלאַנצן קײן בלומען;
איך װידמע ניט מײנע שעה'ן צו זאָרגן,
װאָס טויט װעט אַמאָל צו מיר קומען.

איך בין געבונדן מיט פעדים , װאָס לעבן,
און צירן מיך מיט די אײביגע פרײדן;
ס'איז דער הײנט א געשאנק מיר געגעבן,
מײנע טואונגען זאָלן זיך מיט לעבן ניט שײדן.

איז װאָס אז דער גוף װעט רוען,
װי פלאַנצן אין זאַמדיגן ערד?
עס װעלן װײטער די פעדים זיך ציען,
ביז לעבן װעט באַזיגן די שװערד.



## ס'װעט א שטערן קײנמאָל ניט זינקען

די נאַכט איז בלענדענדיק שװאַרץ,
און שטערן בלישטשען אין דער הויך;
דער טאָג געדולדיק ערגעץ װאַרט
צװישן װאָלקנס רויך.

ליגט דער טאָג אין טיפן שלאָף,
אײנגעדעקט מיט פײַכטן נעבל -
הויבט זיך פעלז גיגאַנטיש אויף
װי א רעבעל.

פאַלט א שטערן איבער'ן ים,
נאָר ניט זינקען װעט דער שטערן;
הילט זיך פעלז אין פײַער פלאַם,
א נײַער שטערן האַלט אין װערן.



# מײַן יוגנט חבר׳טע

װי ליב איז מיר אין קלאַס צו זיצן
יעדן דינסטיק בײַ דײַן זײַט;
פּונקט װי אַמאָל אין קלײנינקן שטעטל,
װאָס איז איצטער פֿון אונדז אַזױ װײַט.

געדענקסטו נאָך די סוד׳עסדיקע שמועסן?
װען מיר פֿלעגן זיצן אױף דער פֿרײַדבע פֿאַרטראַכט;
און די שטילע פֿאַרנאַכטן, װען דאָס האַרץ האָט
געצױגן
פֿון באַגערן, װאָס האָבן די בענקשאַפֿט געבראַכט!

איז שפּעטער ענג געװאָרן דאָס שטעטל מיט די
פֿרײַדבעס;
און די ערדענע שטיבלאַך מיט מאָלצײַטן פֿון
קאַרטאָפֿל;
ס׳האָט באַנק געטאָן די טעג, װאָס גײען און
פֿאַרגײן,
און די רינשקעלאַך װאַסער, װאָס זײַנען אין
געסלאַך געלאָפֿן.

האָט װי מיט אײַזערנע קלאַמערן אונדז גרױס-שטאָט
אַרײַנגענומען,
און געפֿירט אונדז פֿון פֿאַבריק צו פֿאַבריק;
ניט געפֿונען האָבן מיר דאָ די געטרױמטע קאָרעטן,
און ס׳זײַנען אױך פֿאַרװישט געװאָרן די װעגן
אױף צוריק.

האָבן יאָרן פֿון קאַמף און נױט זיך באַהעפֿט,
אױף װעגן געדרײטע האָבן מיר אױף לאַנג זיך
פֿאַרלױרן;
איצט דיצסטו גאָר ניט װײַט פֿון מיר,
און װידער ביסטו נאָענט און טײַער מיר געװאָרן.

## באגערן

װען דאָס האַרץ שװײַגט שטיל
און װעקט ניט קיין באַגערן אין מיר,
פּיל איך װי אין אַ פאַרמאַכטע הײל –
פאַרשפּאַרט מיט אַ שװערער טיר.

ס'שײַנט ניט קיין ליכט מיר אַנטקעגן;
ס'רופן ניט קיין פאַרמעסטן אַרויס.
פאַראַנען בלויז קלײנינקע פאַרגעניגנס –
די װעלט זעט גאָר ניט אויס גרויס.

איך זע ניט די פּראַכט פון בראשית,
און פּיל ניט די שרעק פון פאַרגײן;
ביז ס'צאַפּעלט-אויף האַרץ מיט אומרו –
דאַן דערקען איך אויף-דאָס-נײַ זיך אַלײן.

ניטאָ מער קיין פאַרגליװערטע פּלאַכקײט,
ניטאָ מער קיין פינצטערע הײל;
עס צעעפענט זיך פענצטער און טירן –
ס'באָדט זיך אין פרישקײט מײַן זעל.

איך זע װי עס שפּילן זיך קינדער –
פון זאַמדן זײ פאָרמירן אַ געצעלט;
איך װיל זײ באַשיצן און היטן
פון געפאַרן, װאָס באַדראָען די װעלט.



## קײנמאָל ניט

עס װעט קײנמאָל ים
הימל ניט פאַראַטן;
נאָר שטענדיג געטרײ
אָפּשפּיגלען די קאָלירן
פון װאָלקענדיג גרוי –
און זונענדיג בלוי
װעט כװאַלענדיגער ים
מיט הימל האַרמאָנירן.

עס װעט קײנמאָל קאַפּיטאַן
די שיף ניט פאַרלאָזן,
נאָר פירן זי כסדר
צום ברעג ערגעץ װאו.
ניכטער בײם רודער,
געטרײ װעט ער בלײבן
שכור'ן נאָר דאַן
װען קײן געפאַר איז ניטאָ.

עס װעט קײנמאָל א בין
די בלום ניט אױסמײדן,
נאָר זױגן װי אַלע מאָל
דעם זיסן אַראָמאַט;
פלאַטערן אַרום מיט
א זשומעדיגן ציטער;
ניט אײנבײסן מיט איר גיפט
א צעעפענטע בלאַט.

עס װעט קײנמאָל א טרױם
אין זומפּ זיך ניט װעבן;
און ניט אַרום קראָען
אין פריען קאַיאָר;
ס'װעט אײביג א טרױם
אין מענטשן לעבן
און שײנען אין נעפּל
װי דאָס ליכט פון נײ יאָר.

## צו עדגאר פאָו

איך שטיי פארטראכט
לעבן דיין חייסן שטיבל,
חאו דו האָסט געלעבט
מיט יאָרן און יאָרן צוריק.
איצט שטיי איך און קוק
אויף דיין שחארצן ראָב -
איך קוק און קוק -
עס חערט ניט מיד מיין בליק.

אָט-דער שחארצער ראָב
האָט פארביטערט דיין געמיט
און געשטערט נאָר
דיין רואיגע מינוט.
האָסט אים געחאָלט
פון דיין טיר פארטרייבן,
און ניט געחאוסט,
אז ער חעט מיט זיין
„קיין מאָל ניט מער!
קיין מאָל ניט מער!"
אין אונשטערבלעכקייט
מיט דיר פארבלייבן.

## אומרו

שפעט אין דער נאכט,
ווען ס׳דרימעלט דער טייך
און דער ים שטילט איין
זיינע שוימיגע ברעגן -
בלאַנדזשעט דראָענדיג אָרום
איינזאם און שטיל -
דער פלאַטערדיגער אומרו געפיל
איבער געדרייט שאָטענדיגע וועגן.

לעבן א הויז א געבויגענע,
מיט גארדינען פארצויגענע,
ביי א פענצטער א צעעפענטן
לעבן א טיר ניט פארמאכט -
קלעטערט אומרו אריין טיף
צו א מענטשען׳ס שלאָפלאָזן געמיט,
וואָס זיצט אין מחשבות פארטראכט
אין דער פינצטערער שטילער נאכט.

אין דעם זשארן פון פארטאָג
טראָגט אומרו מענטש פון שלאָף
איבער דאָרף און איבער פעלד
ס׳איז די זון ניט מער פארשטעלט -

פריי און לייכט עס איז געמיט.
ער שפאנט דער מענש
מיט פעסטע טריט.



# אזוי פיל

אזוי פיל
נאָך-ניט-אנטפּלעקטע סוד'עס,
װאָס דאָס לעבן
האלט אין זיך באהאלטן;
אזוי פיל ניט געציילטע
כװאַליעדיגע קװאלן,
װאָס װעלן זיך
קיינמאָל ניט פארהאלטן.

אזוי פיל
נאָך-ניט-ענטדעקטע אוצרות,
פון פארביגע בערג
און גרינע טאָלן;
אזוי פיל שטראָמיגע
װאסער פאלן,
פון מענטשן הענט
נאָך ניט געמאָלן.

אזוי פיל רוישיגע
יאָגענדיגע װאלן
פון ים צום ברעג -
נאָך ניט דערטראָגן.
אזוי פיל גוטע
מענטשליכע כװנות
דארפן נאָך
דאָס בייזע איבעריאָגן.

# כל-זמן איך לעב

כל-זמן איך לעב ,
ווילל איך געניסן
פון יעדן נצחון
און פארלוסט.
איך וויל מיין זכרון
זאָל וויסן -
אז געלעבט האָב איך
ניט אומזיסט.

כל-זמן איך לעב
וויל איך באגריסן
יעדע מאָנענדיגע שעה ,
וואָס לאָזט ניט
איך ווינקל
זיך צו פארשליסן
מיט לאנגווייל
פון פארטעמפטער רו.

ס'האָט דער נעכטן
מיך געבאָרן
פאר דעם היינט
צו זיין.
וויל איך קיין רגע
דאָ ניט שפּאָרן -
כל-זמן ס'איז נאָך
דראנג פאראן.

••••••••••••••••••••
••••••••••••••••
•••••••••••••

# א יום-טוב אינמיטן דער וואָך
(געשריבן אין צייט פון 2טער וועלט-מלחמה)

אינמיטן פון דעם גרויען אינדערוואָכן,
אינמיטן פינצטערניש פון דער נאכט -
האָט זיך אין א זאל ליכט צעלויכטן:
ס'האָבן פרויען א יום-טוב געמאכט.

פרויען מיט דאגות און שמערצן,
פרויען פון זין אין דער ארמיי -
האָבן א לעבעדיגע צייטונג דעם אוונט געפייערט
און ס'האָבן אויגן צעלויכטענע געפינקלט
ביי זיי.

ס'האָט א מאמע געלייענט א בריוו צו איר זון,
ס'האָט א פרוי געלייענט די מעלות פון איר
קלוב;
ס'האָבן הערצער געשלאָגן ריטמיש צוזאמען -
פארשוואונדען פון דעם אוונט איז טעגליכע
זאָרג.

גאָר שפעט אין די נאכטיגע שעה'ן,
זיינען פרויען נאָך ביי די טישן געזעסן;
געזונגען לידער דעם אָנקומענדיגן מאָרגן
פול מיט האָפענונגען - דעם היינט ניט
פארגעסן.

אינמיטן פון גרויען אינדערוואָכן,
אינמיטן דער פינצטערניש פון נאכט
האָבן ליכט אין א זאל געלויכטן;
ס'האָבן פרויען אין זייער קלוב פארבראכט.

# א פרימאָרגן

א פארכמארעטער פרימאָרגן
האָט פון שלאָף מיך געוועקט;
א ציכטיגע שטוביגע וואָרעמקייט
האָט מיין פּנים געגלעט.

א מידקייט פון דער נאכט
האָט צום בעט נאָך געצויגן;
נאָר גאָר וואך און ליכטיג
געווען זיינען מיינע אויגן.

געקוקט האָב איך צום דרויסן,
געזען וואָלקנס ארום שוועבן;
געהערט דאָס גערודער פון גאס,
און דערפילט א שעפערישן לעבן.

געשיינט האָט זון דורך וואָלקנס,
באהעפט זיך מיט קינדערשן שטיפן;
באלויכטן האלב טונקעלע שליאכן,
נאָר ניט די טאָליגע טיפן.

האָט געצויגן אהין צו שפאנען,
וואו זון האָט נאָך ניט דערגרייכט;
געוואוסט, אז די וועט דאָרטן שיינען
און געמיט איז געוואָרן מיר לייכט.



# לעבן א שאפ

איך שטיי ווידער ביים שוועל פון א שאפ,
ווארט מיר געדולדיג און שטיל;
ביז עס וועט צוקומען א מענש,
פארשנדיג פרעגן: וואס איך וויל.

איך הער דעם רויש און טומל,
עס פלאטערט באגער אין מיר שטיל;
עס ווילט זיך שוין זעצן דא ארבעטן,
ביי דער ערשטער בעסטער מאשין.

קומט אן איינער, א פרעמדער,
זאגט מיר מיט שפאס אין זיין קול:
נישטא איצט פאר דיר קיין ארבעט,
אפשר קומען א צווייטן מאל.

שטיי איך אזוי פארטומלט,
ווייס ניט, וואס ס'טוט זיך מיט מיר;
איך פיל ווי א ווירטין פון הויז,
וואס האט ניט דעם שליסל פון טיר.



# מײנע הענט

מײנע הענט זײנען
קלײן, שמאָל און צאַרט;
זײ אַרבעטן דעם טאָג
און רוען בײנאַכט.

יונג, פריש און פלינק
האָבן זײ מיר געדינט;
די אַלע מײנע יאָרן
זינט איך בין געבוירן.

נאָר צו פאַרהאַלטן נעכטן
זײנען זײ צו קלײן;
קוק איך אָפט פאַר׳חידוש׳ט
זײ זײנען אַלץ נאָך שײן.

מײנע הענט זײ ציען
באַװעגט נאָר צום הײנט;
זײ פאָרמירן און באַצירן;
זײ זײנען מײנע פרײנט.

ס׳רוישט און צאַפּעלט לעבן,
ס׳בלענדעט אַרום מיר װעלט;
עס בױעט זיך דאָס נײ –
מיט הילף פון מײנע הענט.

## חאקאציע

גוט אזוי אין יום־טוב רועך,
קוקן חאר די חאלקנס שחעבן;
זיך אביסל גאר פארגעסן,
אז ערגעץ חאר איז גרויער לעבן.

קלעטערן דרייסט אויף בארג צעגרינטן,
חאר די חעלט אנטפלעקט איר פראכט;
איבער געשלענגעלטע קילע סטעזשקעס,
שפאנען פריידיג ניט פארטראכט.

פילן טעם פון פרוכט באגערטע,
שפרייטן זיך אין טיפע גראזן;
שטיפן דארטן מיט די חינטן,
לאזן פריי זיי אויף זיך בלאזן.

גוט אזוי אין יום־טוב רועך,
ביי דעם ברעג פון טיפן טאל;
זארגלאז לאזן זיך פארחיגן,
חי אין קינדחייז גאר־גאר אמאל.



# דער זוניגער מאָרגן

א זוניגער אויפגיין מיט ליכטיגע שטראלן,
פון ראָזעווע רויטע און בלויע קאָלירן -
צום ראנד פון א נייעם טאָג זיי פאלן;
די גאסן, די הייזער, די פעלדער באצירן.

וועקט זיך דער מענטש פון רואיגן דרימל
די בעט איז נאָך ווארעם, באקוועם;
ס'לויכטן די אויגן צום לויטערן הימל -
וואונדער האָט ער דורך פענצטער דערזען.

חידוש'ט זיך מענש, קען ניט פארשטיין:
וואו איז די פראכט נעכטן געווען?
האָט אויג ניט געזען די שיינקייט פון וועלט,
האָבן נעכטיגע זאָרגן פון אים דאָס פארשטעלט?

ס'בלענדעט דער טאָג מיט פריידיגע ווערטן;
עס וויפילט געלעכטער אין זוניגן וואלד;
ניט פארלוירן געגאנגען זיינען דורות פון נעכטן;
זיי לעבן מיט ווירדע אין זכרון פון פאָלק.



# שעה'ן

װען די פֿױגל װעלען
דעם פֿרילינג אָנזאָגן
און די זון װעט -
די װאָלקנס פֿאַריאָגן;
און די בױמער װעלן שטײן
אין בליִאונג באַקלײדט -
װעל איך טראַכטן
פֿון די שעה'ן,
װאָס מיר האָבן
אױף די װינטן צעזײט.

שעה'ן פֿון אַנגסטן,
שעה'ן פֿון פּײַן,
שעה'ן פֿון בעכערס
געטרונקענעם װײַן;
שעה'ן דערהױבענע
פֿון לעבן באַגערטע,
געטרונקענע קװאַלן
מיט שעה'ן באַשערטע.

און װען די נאַכט
װעט ליכט באַגערן,
און מײַן קאָפּ װעט -
גרױ-זילבערדיק װערן
װעל איך געדענקען
דעם אומרו -
פֿון איטליכער שעה;
איך װעל װיסן:
דו ביסט געװען,
און דאָ ביסט נאָך דאָ,
אין מײַנע יום-טובֿ'דיקע
שטילע שעה.

# א געשאַנק

דאָרט װאו פרילינג בליט,
און דאָרט װאו פײער גליט,
דאָרט װאו קײן ליבע איז ניטאָ —
בינסטו מיט מיר צוזאַמען דאָ.

דאָרט װאו אומרו ציט און רופט,
דאָרט װאו נאַכט פינצטער שלאָפט,
און דאָרט װאו ס'פעלט פאַרשטאַנד —
זײנען מיר אין טרוים באַנאַנד.

אויף די זאַמדן פון טײך ברעג,
טרעפן מיר זיך אָן אין װעג;
צװישן באַרג, פעלד און טאָל,
װי אונזערע אבות גאָר אמאָל.

ס'ציטערט האַרץ און זינגט א ניגון,
עס פליען פויגל אָן אַנטקעגן —
פון װײטע װעגן מיד זײ פליען —
צו נײע נעסטן זײ דערציִען.

קװאַלן פליסן פון די װעלדער;
מיר קלײבן שטראַלן אין די פעלדער
איבער פלאַנצן זשומען בינען —
א געשאַנק האָבן מיר געפונען.

# װען דו ביסט דאָ

װען דו ביסט דאָ,
איז קײן אומרו ניטאָ.
עס שײַנט דאַן די זון
מיט גינגאָלד באַצװיגן;
עס גליט אין מיר פֿרײד,
און עס לויכטן מײַנע אויגן.

װען דו ביסט דאָ,
איז קײן מורא ניטאָ.
די טריט זײַנען זיכערע,
אין שװערן טעגלעכן שפּאַן;
עס איז אין דעם גאַנג
קײנע ספֿקות פֿאַראַן.

װען דו ביסט דאָ,
איז קײן טרויער ניטאָ.
עס זינגט דאַן דאָס לעבן,
אַ פֿאָלקס מאַנענדיקן ניגון;
און אין מיר זינגט געזאַנג
צו דעם מאָרגענדיקן זון אויפֿגאַנג.

## איבער ברייטע וועגן

ביי דיין פענצטער זיינען בוימער
אין פרימאָרגן פּייכט;
און דער טאָג א פרישער שטייט
ביי דיין טיר און וואכט.

אויף דעם דאך יאָגן ווינטן,
זיי זאָגן אָן א שטורעם,
און דו דרעמלסט אין דיין שטיבל
טרוימסט פאר זיך א טורעם.

אויף א צווייג א פויגל זינגט,
וועקט דיך אין דער נאכט;
ניטאָ קיין צייט צו חלום׳ען –
דער טאָג מיט אומרו וואַרט.

עפן אויף דיין שמאָלע טיר,
גיי דעם ווינט אנטקעגן;
דורך וואָלקנס בלענדעט זון
איבער ברייטע וועגן.



## צום נײעם יאָר

לאמיר אלע באגריסן
הילכעדיג און קלאָר,
מיט הארציגע באשלוסן
אונזער נײ יאָר.

זאָל געזאנג זיך טראָגן
צו אנטפלעקטע שטערן;
זאָל אונזער פלאנעט ערד
שענער, רײכער ווערן.

פרידן זאָל זיך שפרײטן
איבער לאנד און לענדער;
בליען זאָל די פרײד
ווי קאָרן איבער פעלדער.

לאָמיר הויבן כוסות
און טרינקען א לחיים,
פאר א געזונטן לעבן
צו דעם יאָר דעם נײעם.



## מײַן אײניקל

מײַן אײניקל איז צאַרט און שטיפעריש,
שטימונגען פאַרמאָגט ער גאָר א סך;
אָט קרימט ער זײַנע ליפעלאך
און רוקט זיך אָפּ פון אײך.

און האָט קוקן זײַנע אויגעלאך
צעשטראַלטע װי די ליכט פון זון;
דאַן לאַך איך צו מײַן אײניקל
און ריר זײַן רונדע קעפּל אָן.

מיר דאַכט זיך, אז די אויגן זײַנע -
געזען האָב איך שוין ערגעץ-װאו;
עס האָט מײַן זײדע אזוי געקוקט
אין זײַנער א יום-טוב'דיגע שעה.

מײַן זײדע, דאַן א פרײלעך-שײַנענדיגער,
אויסגעטאָן פון װאָכעדיגער שװערער מי;
און איך זײַן אינגסט-באַליבט אײניקל,
װי א בת-מלכה געזעסן אויף זײַנע קני.

איצט צערטל איך מײַן אײניקל,
און איך פאַרגעס אין מײַנע זאָרג;
ס'װערט דער נעכטן מיט דעם הײַנט
אײנגעװעבט אין א ליכטיגן טאָג.

+ + + + +
+ + + +
+ + +
+ +
+

## פרײטאָג אין דער פרי

מײן מאמע האָט געבאקן פּאָפּאליקעס
יעדן פרײטאָג אינדערפרי,
שטיל געארבעט מיט הנאה
און ניט געזשאלעװעט קײן מי.

פלעג איך עסן דעם פּאָפּאליק
אָנגעשמירט מיט געלן פּוטער,
האָט געקוקט מיט גרויע אויגן,
אונזער גרויסער שװארצער קאָטער.

האָב איך אים געהײסן װארטן,
פאר דעם ראָסל-פלײש מיט חלה,
בײ דעם לאנגן גרויסן טיש
װעט ער עסן מיט אונז אלע.

האָט מײן מאמע זיך צעשמײכלט,
א טעלער לאָקשן-זופּ אװעקגעשטעלט;
זאָל דער קאָטער אויכעט װיסן
עס איז ערב שבת אויף דער װעלט.



# דער זיידע

טיפער פון ברונעם
איז ברוידיגער ים;
און אמת איז טיפער
פון די ביידע -
אזוי האָט דערציילט
מיט יאָרן אמאָל
דער אלטער קלוגער זיידע.

די וואסער פון ברונעם
קען מען אויסשעפּן;
אויף רייזיגע ים'ען
קען מען דאָך פאָרן -
נאָר דעם אמת צו מענטש -
דאָס קען מען ניט שפּאָרן.

אזוי האָט דער זיידע
צו דער באָבען גערעדט;
לעבן דעם אייניקל'ס
קינדערשן בעט
גאָר אין אמאָליגע יאָרן.



# בײם טײכל

ארום גראָזן און הױכע בױמער
פליסט א טײכל גאָר א קלײנער;
שפּילן קינדער בײַ דעם ברעג:
לאָזן שיפלאך איבערן טײך אװעק.

שװימען שיפלאך אױף דעם װאסער,
װערט פּאפּיר נאָך נאסער און נאסער;
און די קינדער שפּילן, לאכן -
לעבן זײ די מאמעס װאכן.

פױגל קוקן צו דעם שפּיל,
פליען איבער דעם טײכל ארום;
ס'איז בײם טײכל קיל און שײן:
א מחיה פאר גרױס און קלײן.



## שוואַרצע יאַגדעס

משה'לע און יאַנקעלע
גיטעלע און זאַוועל –
זײַנען אין וואַלד אַוועק
יאַגדעס קלײַבן.

וואַלד איז נאָך אַ רעגן
פֿײַכט, פֿריש און גרין;
איבער שוואַרצע יאַגדעס
פֿלאַטערט בײַז אַ בין.

רוקן זיך די קינדערלאַך
טיפֿער נאָך אין וואַלד;
שפּילן אין באַהעלטעניש –
אַלע פֿיר באַנאַנד.

צווישן געדיכטע בוימער
האָט מען זיך פֿאַרלוירן;
געפֿונען זיך צעשטראַלטע
און הונגעריג געוואָרן.

זײַנען אַלע פֿיר קינדערלאַך
פֿריילעכע אַהיים געקומען;
נאָר די שוואַרצע יאַגדעס
פֿון וואַלד ניט מיטגענומען.

– – – – –
– – – –
– – –
– –
–

## אידיש

שעם זיך ניט מיט אידיש,
שעם זיך ניט, מיין זון;
אידיש איז געלייטערט
ווי די ליכט פון זון.

אויף אידיש האָט דיין מאמע
גערעדט צו דיר אין איר טראכט;
מיט אידישן אוי און ווי
דיך אויף דער וועלט געבראכט.

האָסט גערעדט נאָר אידיש,
ווען דו ביסט געווען א קינד;
שעם זיך ניט מיט אידיש,
שעם זיך ניט אצינד.

אויף אידיש האָט דיין מאמע
געצערטעלט דיך אין וויג;
דערציילט דיר שיינע מעשות,
געזונגען דיר א ליד.

שעם זיך ניט מיט אידיש,
שעם זיך ניט, מיין זון;
אידיש איז געלייטערט
ווי וואַלקנס קעגן זון.



# א בריק

בינסט לאנגזאם געקומען,
און גייך אוועק צוריק;
דאָך האָסטו באַוויזן
צו אויפבויען א בריק.

א בריק, וואָס פאראייניגט
יאָרן און צייט;
און פאראייביגט
די פאַראייניגונג
סיי נאָענט און סיי ווייט.



## ניי טעג

װען איך בלײַב מיט זיך אַלײן
אין מײַן שטילער קלײנער הײם;
בלעטער איך מײַן לעבענס־בוך
און קען זיך ניט פאַרשטײן.

אַזוי פיל זומערס פאַרבײַגעגאַנגען,
געטרױמטע הערבסטן דורכגעלעבט;
מיט װינטערס לאַנגע זיך אױסגעפּרוּװירן
און קנאַפּסענדיגע פרילינג אױפגעבלײַט.

צו װאָס־זשע אַזוי פיל פאַרלאַנגען,
מיט געזעקשאַפּט פאַר ביי טעג?
איך פיל זיך גאָר װי ניי געבוירן,
און װיל קיין שפּאַן ניט אױף צוריק.

דער נעכטן דרימלט טיף פאַרבאָרגן;
ס'קען קוים געדענקען אים זכרון;
ס'ציט כסדר מיך דער מאָרגן
און ס'טוט ניט באַנג מער מײַנע יאָרן.



# ווידער

ס'איז ווידער פרילינג אָנגעקומען -
איך ווייס ניט פון וואַנען;
און ווידער מיך אריינגענומען
אין שטורעם פון אומרו.

ווידער פליסט א קוואל אין מיר,
און מורמלט אויס געזאנג;
פארגאנגען זיינען נעכטיגע טעג -
זיי טוען מיר ניט באנג.

דארף איך דען די שעה'ן ציילן,
און די טעג פון פיין?
זיי זיינען ערגעץ וואו אנטרינען-
זאָלן זיי דאָרטן זיין.

ס'בלענדעט זון און שיינט אצינד
מיט ליכט פון רעגנבויגן-
וואָלקנס זיינען זיך צעגאנגען;
עס גלאנצן ווידער מיינע אויגן.

ס'איז ווידער פרילינג אָנגעקומען,
איך ווייס ניט פון וואַנען;
געבראכט מיט זיך נייע בליאונג,
וואָס זאָגט מיר ווידער צו.

## װען

װען איך זאָל װאױנען
אַלײן אין װאַלד,
און שפּירן די ריחות
פֿון בליענדע בלומען
הערן געזאַנג פֿון פֿײגל
אין װאַלד -
װאָלט איך שטענדיק געטראַכט
פֿון דײַן קומען.

װען איך זאָל פֿאַרמאָגן
אַ געמעבלירטן שלאָס,
מיט דינסטן, משרתים
מיך צו באַדינען;
װאָלט אומעט און בענקשאַפֿט
מײַן זעל אָנגעפֿילט -
געשיקט װאָלט איך רײַטװעגענער
דיך צו געפֿינען.

װען דאָס לעבן זאָל רױשן
װי בלעטער צעגרינטע
אַנטקעגן אַ װינטל
אין אַ זוניקן, זומער טאָג,
און שפּראָצן זאָל פֿלאַנצן
אױף פֿאַרפֿאָרענע װאָרצלען-
װאָלסטו דורך טירן פֿאַריגעלטע
דערהערט װאָס איך זאָג.

װען הארץ זאָל ניט צאַפּלען
פֿאַר װעלטלעכע שמערצן,
אומעט געװױש
זאָל ניט שלינגען די טעג -
װאָלט איך געװעבט דעם טרױם
פֿון אַ נעכטיקן מאָרגן;
געבלאָנדזשעט נאָך אַלץ
אױף אַ פֿאַרפֿלאָנטערטן װעג.

# דײַן היַנטישער גורל

אימיצער האָט לאַנגזאַם
אַ חלום בעטאָן װעבן,
און דיר אַזאַ נאָמען
פֿרינץ געגעבן.

טראָגסטו דעם נאָמען
מיט אַ געהויבענעם קאָפּ;
דײַן הינטישע פֿעל
איז אין שרעק פֿאַר אַ קלאַפּ.

אין מינוטן פֿון לאַנגװײַל,
האָב איך דיך באַטראַכט;
איך װײס ניט פֿאַר װאָס
איך האָב זיך צעלאַכט.

איך האָב צערטלעך גענומען
דײַן לאַפּע אין מײַן האַנט;
איז פֿאַרשװאונדען דײַן רוגזה -
ביסט געװאָרן מײַן פֿרײַנט.

אויף זאַמדיקע װעגן
פֿלעגסטו מיר נאָכגײן;
קלעטערן נאָך מיר
איבער פֿעלדזיקן שטײן.

נאָר גײן פֿאַראויס
איז ניט דײַן װעג;
דײַן הינטישער גורל
איז צו גײן אויף צוריק.

פֿרינץ, מײַן ליבלינג,
זײַ דיר געזונט;
און ביל צו די שטערן,
װי ס׳פּאַסט פֿאַר אַ הונט.

## זינג פון בטחון

זינג דו פאָלקס זינגער,
מיט דײַן קלינגעדיגער שטים,
אין פארװאָלקנדיגע טעג
מיט דײַן ליד צו מיר קום.

זינג מיר פון א קװאל,
װאָס פליסט איבער פלאַך;
און שטראָמט דורך פעלדז
צו א געלײַטערטן טײַך.

זינג דו פאָלקס זינגער,
מיט דײַן קלינגעדיגער שטים,
אונטער פינצטערע װאָלקנס
דײַן געזאנג ניט פארשטים.

זינג מיר דאָס ליד
מיטן ניגון פון בטחון;
אין יאוש'דיגן טאָג
דו זינג פון נצחון.



## אין שפּיגל

איך קוק אַרײַן אין שפּיגל,
אין דעם זילבער גלאָז באַציר;
איך זע גענוי מײַן פּנים
אין פֿאַרשידענעם קאָליר.

אָט-זע איך ליכט צעשטרלטן,
אויגן ברײט און קלאָר;
קנײטשען ווי אין זיך באַהאַלטן-
אפשר בין איך יונג גאָר?

איך קוק אַרײַן אין שפּיגל
און זע זיך ניט אַלײן;
ס'שפּיגלט זיך אין שפּיגל
געלעכטער און געוויין.

שטײ איך דאָ אין מיטן
צווישן צער און פֿרײדן;
אין שפּיגל פֿינקלען אויגן,
מיט פֿרײד זיך ניט צעשײדן.



# א ליד

א ליד איז דער דראַנג
פון דורות שוין גאָר לאַנג;
צו אויסשלאָן נצחון
מיט טענץ און געזאַנג.

א ליד איז די בענקשאַפט,
דאָס באַגערטע צו קריגן;
ליבע און פריינדשאַפט
פאַרציען אין א ניגון.

צו מיר איז א ליד
א פריידיגער געמיט;
א וואַסער, וואָס פליסט,
א פייער, וואָס גליט.

שטיי איך פאַרגאַפט
אין ענדע פון נאַכט;
איך קוק פון טאָל
צום ראַנד פון באַרג.

אין שטילן קאַיאָר,
די זון זיך צעגליט;
ס'גייט אויף פון מזרח
א ליכטיג ניי ליד.

# <u>מיין שטאם</u>

(געשריבן נאָך היטלער'ס אטאקעס אף אידן)

ווי א קאָסע איבער
רייפע זאנגען
שניידט באליידיגונג
אין מיין הארץ;
איך פיל דעם ציטער
פון מיין שטאם,
איך זע דעם תליון
געקליידט אין שווארץ.

שווארצע קוילן
פאלן אויף מיין געמיט;
און צינדען פונקן
פון ברוידיגן צאָרן;
כ'זע געשטאלטן,
געפאנצערט אין פיין,
אויגן גלאנציגע,
פון גרויל פארפראָרן.

אומבאהאָלפענע,
געפייניגטע געשטאלטן;
שעפטשען פיבעריש
צו זייער שטאם;
שטרעקען הענט
צו ווייטע ברעגן -
שווארץ די נאכט,
עס ברויזט דער ים.

# זאָרג

איך קען קיין פּען
אין האנט ניט נעמען;
איך קען קיין וואָרט
אויף פּאפּיר ניט שרייבן,
און קען קיין געדאנקען
ניט צוזאמענקלייבן - - -

ווען ס'הארץ איז שווער
מיט זאָרג און ליידן.

בלאָנדזשע איך ארום -
איך בין ניט טויב,
איך בין ניט שטום,
נאָר פארקלערט,
און ניט דערהערט
אין מיין טעמפּן שווייגן ---

ביז איך וועל בכוח זיין
די זאָרג פון זיך פארטרייבן.

* * * * *
* * * *
* * *
* *
*

# זאָרג ניט

זאָרג זיך ניט, מײַן ליבער,
װאָס דו װעסט מיך פֿארלירן;
עס װעט די לוסט פֿון לעבן
דיר װידער ערגעץ פֿירן.

און אפֿשר װעלן דײַנע פֿיס
שװאַך ניט גערן שפּאַנען;
זאָלסטו טראַכטן דאַן פֿאַר זיך:
ערגעץ-װאו איז פֿרײד פֿאַראַנען.

טראַכטן זאָלסטו אויך פֿון מיר:
געװען איז אַ לעבן צוזאַמען;
יאָרן לאַנג געבױט באַנאַנד,
נאָר ניט געקענט שײדונג צאַמען.



# װאו איך װעל קומען

(דעם אָנדענק פון אניוטא גליקסמאן)

װאו איך װעל קומען,
און װאו איך װעל זײן,
װעסטו מיר מער ניט דערמאָנען:
ס'איז א שטעטל אסטראָפּאָליע פאראן.

מיר האָבן דאָרט אלס קינדער
געשפּילט און געלאכט;
פון קאָלירטע שמאטעס
פאר זיך ליאלקעס געמאכט.

און די מיט דײן אימפּעט
האסט שטענדיג געטומלט;
געזונגען, געטאנצט
און א סך מאָל גע'חלום'ט.

ס'האָט דײן פריע יוגנט
געװעקט אין דיר פארלאנגען;
העכער פון פויגל זיך הויבן-
די פאסן פון רעגנבויגן דערלאנגען.

ניטאָ מער יענע שטעטל אָסטראָפּאָליע,
ניטאָ מער דײן אימפּעטיגער יאָגן-
נאָר כאנצע, ישראל'יק דעם שרײבער'ס,
װיל ניט מ'זאָל נאָך איר קלאָגן.

# מען טאנצט אויף דער עלטער

(געווידמעט „די סיניאָר סיטיזענס")

קעפּ ווײַסע געהויבענע
הענט ווי צווייגן געבויגענע,
פלעכט זיך מענטש
מיט מענטש אין קלאמען.

מען טאנצט א קאדריל,
מען טאנצט א שער,
ס'באוועגן זיך אברים
אין א ראָד צוזאמען.

עס טאנצט א פארפוצטע,
גאָר פלינקע באָבע,
עס טאנצט קאוואלעריש
א פארליבטער זיידע.

זיי ווילט זיך דעריאָגן
די אמאָליגע יאָרן,
נאָר טראכטן זיי טראכטן
פון די אייניקלאך ביידע.

מוזיק שפּילט מיט ווייכע,
צארטע קלאנגען,
ווי אין א חלום,
די נאכט צו פארוויגן.

נאָר אזוי פיל נאָך
נים דערגאנגענע וועגן
וועקן און טאנצן
אין א ראָד אנטקעגן.

# אין וועג

אין נעפּלדיגע, ווייסע טעג,
דורך געדרייטע, לאַנגע וועגן,
מיט סטעזשקעס שמאָלע, פאַרטונקלטע,
זיינען באַגערן געקומען צום לעבן.

מיט פעסטע, איילענדיגע טריט,
ווי דער אָדלער אויף זיינע פליגלען,
האָב איך זיך שנעל באַוועגט,
צו מיינע וואַרטענדיגע זעגלען.

עס האָבן שטורעמס מיך געדראָעט,
אין וועג זיך ניט צו לאָזן;
עס וועט דאָס ניי-געבוירענע גליק
צוריק אין אומדו מיך פאַרלאָזן.

האָב איך באַרירט דעם דעק פון ים,
און איבער וואָלקנס זיך געהויבן;
עס איז די שרעק פון מיר אוועק,
און ווידער האָט צום וועג געצויגן.



## איך האָב ליב די ליד...

איך האָב ליב די ליד,
וואָס לייטערט זיך טיף
אין א טרוימערישן בליק
פון מענטשען'ס שפאנענדיגן וועג.

די העלע וואַרעמקייט,
און באַפליגעלטע פרייד;
די טיפע שטילע ליידן,
וואָס דערוויייטערט און צעשיידט.

די קוואַלענדיגע ווערטער,
נאָך קיינמאָל ניט געוועדטע;
די רולאָזע בענקשאַפט
צו נאָענטע באַגערטע.

איך האָב ליב די ליד
פון מענטש, וואָס זוכט
און מאָנט און צאָלט
אויף זיין קלעטערדיגן וועג.

אין זוכעניש מענטש באַרירט
די ספערן און דעם יט;
און אויך דעם זין
פון אונדזער ערדישן זיין.

# דערינערונגען

פון די אידישע יום-טובים
אין מײן שטעטעלע אָסטראָפּאָליע



* * * * * * * * * * * * * * * * * *
* מיין שטעטעלע אָסטראָפּאָליע *
*ערב דער ערשטער וועלט-מלחמה *
* * * * * * * * * * * * * * * * * *

מיין שטעטעלע אָסטראָפּאָליע איז געווען א
בארגיג שטעטעלע , מיט ליימענע הייסע , אויסגע-
קאלכטע שטיבלאך. יעדע גאס מיט שטיבלעך האָט
געפירט בארג-אראָפּ , ביז מען איז אָנגעקומען
צום קיילעכידגען טאָליגן מארק. -

דער מארק - צוויי שורות קלייטן , וואו אי-
דישע קרעמער האָבן צוויי מאָל אין מאָנאט געהאט
א יאריד. און אין געוויינלעכע טעג , ווען קונים
זיינען געווען ווינציג און ליידונג נאָך ווינציגער
פלעגט דער מארק זיין סיי-ווי דער פארוויילונג-
פלאץ פון שטעטל. עס האָבן זיך דאָרט פארזאמלט
אָרימע באלמעלאָכעס , וועלכע האָבן געווארט אויף
פּריערים פאר זיי פעלצעך צו נייען , און מעקלער
האָבן געווארט , אז א פּריץ זאָל זיך באווייזן און
זיי עפּעס א פארדינסטל ברייגען. באלמעלאָכעס ,
וואָס זיינען געקומען אין די קראָמען איינקויפן ,
האָבן צווישן זיך פארבראכט , זיך אלע נייעסן פון
שטעטל דערציילט , וואו עס קומט פאָר א ברית ,
וואו א בר-מצוה און וואו עס איז א הויז מיט
קראנקע.

פאר מיר , אלס קליין מיידעלע , איז געווען
א שפּיל דער ערב-פּסח'דיגער מארק מיט די גרוי-
סע , טיפע בלאָטעס , וואו מען האָט אויף איניגע
ערטער געפּרואווט מאכן וועגען צום גיין - „סטעזש-
קעס" , האָט מען זיי גערופן. מען האָט אָנגעוואָרפן
אין דער בלאָטע שטיקלאך ברעטער און קליינע שטיי-
נער און אויף די אָנגעוואָרפענע ברעטער און שטיי-
נער האָט מען געדארפט שטעלן טריט , נו , פלעגט
אָפט פּאסירן , אז דער , וואָס האָט געפּרואווט ארי-
בערשפרינגען פון שטיין צו ברעט , איז אריין פונקט
איינמיטען דער טיפער בלאָטע... דאן האָב איך
זיך ניט געקאָנט איינהאלטן פון לאכן און גאָר א
סך געלאכט.

און נאָך א װאונדער האָט דער מארק פאר-
מאָגט: דאָס איז געװען דאָס טאנצן בײ די קלײטן.
װי נאָר איך האָב דערהערט אינמוטן טאָג קלעז-
מער שפּילן, בין איך שױן מיט נאָך קינדער גע-
לאָפן צום מארק זען, װי חתן-כלה און מחותנים
טאנצן אימפּעטיג בײ די קלײטן, אין א גרױסן
ראָד, א פרײלעכטס.

צו יעדער חתונה אין שטעטל האָט מען
זיך אזױ געפירט: דעם צװײטן טאָג פון חופּה;
דאָס הײסט צו „אולאשטשעניע", איז מען גע-
גאנגען אין מארק ארײן טאנצן בײ די קלײטן.
אָט-דער מנהג איז געװען פארבונדען מיט א לע-
גענדע, װאָס דאָס אלײן איז אן אינטערעסאנטע
געשיכטע. אָבער א סך לעגענדעס האָט מײן
שטעטעלע אָסטראָפּאָליע פארמאָגט: די באקאנטסטע
לעגענדע פאר דער װעלט איז הערשעלע אָסטראָ-
פּאָליער.

אָבער ניט בלױז לעגענדעס און דאגות
פּרנסה מיט טיפע בלאָטעס האָט מײן שטעטעלע
פארמאָגט, נאָר אױך א שײנע, ליכטיגע יוגנט,
װעלכע האָט דורך טעג פארקלונגען דאָס שטע-
טעלע מיט מעלאָדישן געזאנג. אָמאָל איז דאָס
געזאנג געקומען פון שנײדערשע שטיבער און
אמאל פון א קלײן שטיבל מיט א שטרױ-בא-
דעקטן דאך. דאָרט, אין אן אלקער, האָט א
מײדל איר בענקעניש אױסגעזונגען. די
פארבענקטע קלאנגען האָבן זיך צעשפּרײט אי-
בער דער שטילער גאס, אױסמישענדיג זיך
מיט די קלינגענדיגע שטימעלאך פון די חדר-
אינגלאך.

אן אידעאליסטישע, טרױמערישע יוגנט
האָט דאָס שטעטעלע פארמאָגט, מיט אן אײגענער
גרױסער ביבליאָטעק. מען האָט געלײענט און
שטודירט די ביכער און געזוכט דעם שליסל
צו דער צוקונפּט, װאָס איז נאָך געװען מיט
געדיכטן נעפּעל באדעקט.

די יוגנט האָט אױך געהאט איר פאר-
װײלונג-פּלאץ. מען האָט אים גערופן „די

בירזשע". דער פלאץ איז געווען אין סוף שטעטל, פון יענער זייט קלויסטער. געווען זיינען דארט בלויז א פאר אידישע וואוינונגען און א בראנפן גוראלניע, וואס איז שטענדיג געווען פארמאכט. ווייטער איז געווען לײדיג פעלד, באוואקסן מיט ווילדע גראזן, און אין די זייטן פון א ברייטן, לאנגן וועג האבן זיך געצויגן פארצוימטע פלויטען פון גוי'אישע סעדער.

אט-אויף דער בירזשע האט די אידישע יוגנט פון מיין שטעטעלע אין די זומערדיגע פארנאכטן שפאצירט. אין די שענסטע קליידער איז מען דעמאלט געווען אויסגעפוצט.

איבערהויפט נאך א שבת פארנאכט - דאן האבן שוין מיידלאך און יונגעלייט געשיינט מיט יום-טוב'דיגער רו און מיט יומטוב'דיגע געמיטער.

אין שטעטל האט מען גערעדט און שרעקנדיג זיך געסוד'עט, אז ביינאכט, אויף דער בירזשע האבן בחורים און מיידלאך סאבראניעס געהאלטן, פארזאמלונגען אזעלכע, וואו מען בונטעוועט זיך: מען וויל דעם צאר ניקאלאי ארא פווארפן.

און די רייד זענען טאקע נים געווען אזוי זיך, אויסגעטראכטע מעשות. וויל אמאל, אין א ווינטערדיגן קאיאר, ווען דאס גאנצע שטעטעלע איז נאך געשלאפן, זענען זשאנדארן אנגעפארן פון ערגעץ-וואו אין עטלעכע שטיבער זיך אריינגעריסן, און פון יעדער שטוב א מיידל אדער א בחור אוועקגעפירט און זיי ערגעץ אין א תפיסה פארשפארט. טאטעס און מאמעס האבן געוויינט, צו אדוואקאטן געלאפן, און אין שטעטל איז דאן שטארק אומעטיג געווארן. מען האט טיר און פענצטער פארמאכט און הינטער די וואראמע הרובעס געזעסן. שפעט אין פרילינג זענען די ארעסטירטע מיידלאך און יונגעלייט, באפרייטע, צוריק אהיימגעקומען. דאן איז אין שטעטל פריילאך געווארן. אידן מיט ווייבער און לאכנדיגע קינדער האבן אויף דער גאס אין א ראד, צעשטראלטע, געטאנצט. אט-אזוי האט אויסגעזען מיין בארגיג שטעטעלע אסטראפאליע, ווען איך האב עס אין 1913 אויף שטענדיג פארלאזט.

## חנוכה

## מײן „װאָכעדיגער" יום-טוב

װי נאָר עס האָט זיך אָנגערוקט אן ערב יום-טוב אין שטעטל, איז בײ אונז אין הויז געװאָרן מחיה'דיג שטיל און געראם.

דער טאטע האָט צעלאָזט דעם חדר מיט א טאָג פריער אײדער דער יום-טוב איז אָנגעקו-מען. איך געדענק מיט װאָס פאר אן אימפעט און שטיפערישער פרײד די חדר-אינגלאך האָבן זיך געלאָזט לויפן דורך דער שמאָלער טיר פון חדר צו דעם אָפענעם, פרײען דרויסן.

מיר פלעגט דעמאָלט װערן אביסל אומע-טיג פון דער אויסגעלײדיגטער, שטיל געװאָרע-נער שטוב. נאָר באלד בין איך געװאָרן פאר-טאָן מיט נאָכקוקן מײן מאמע'ן, װי זי מאכט עס פון דעם װאָכעדיגן חדר א יום-טוב'דיג הויז.

נאָך אײדער מײן שװאכע מאמע האָט צײט גע-האָט אויף מיר אָנצובײזערן זיך פארװאָס איך העלף איר ניט אין דער ארבעט, האָב איך זיך אלײן געאײלט איר צו העלפן. די װענט, װאָס זענען געװען פארשמירט פון ברודיגע קינדער-שע פינגער, פלעגן װערן װײס אויסגעקאלכט און דער לאנגער הילצערנער טיש איז פארשפרײט גע-װאָרן מיט אן אלטן, אויסגעצערעװעטן, אָבער רײ-נעם טישטוך.

פאר דעם ערדענעם אויסגעריבענעם דיל פלעג איך ארײנברענגען רײנע געלע לײם, װאָס איך האָב אויסגעגראָבן אין אונזער קעלער. איך פלעג פארמישן די לײם מיט װאסער װי א פלאסטער

און פלײסיג אױסגלײכן אלע גריבער אין דער ערד
און דערנאָך אױסשמירן דעם דיל אזױ שײן
און גלאט, אז װען ס'האָט זיך אױסגעטריקנט,
איז געװען א מחיה זיך צו קאטשען אױפ'ן דיל.

די מאמע פלעגט מיר אפילו אױסרײדן,
אז עס פּאסט ניט פאר א זיבן-יאָריגער מױד זיך
צו קאטשען אױף דער ערד װי א קעלבל, אָבער
מיט א באהאלטענעם שמײכל האָט זי אױף מיר גע-
קוקט מאמעדיג און אָנגעקװאָלן.

אנדערש איז געװען חנוכה, װאָס האָט
אײנגאנצן קײן ערב יום-טוב ניט געהאט. די
חדר אײנגלאך זײנען געבליבן מיט אונז אין הױז
די גאנצע אכט טעג. יעדער טאָג און יעדער אָװנט
פון די אכט טעג איז געװען אָנגעפילט מיט שפּי-
לעװדיגער פרײד, מיט קינדערשע פאנטאזיעס, װאָס
פירן אװעק גאָר װײט - א הין װאו דער הימל רירט
אָן די גרױע ערד.

טאקע באלד בײם אָנצינדן דאָס ערשטע
ליכטל האָט זיך דערפילט אן ענדערונג בײ אונז
אין הױז. דער טאטע איז געװאָרן גאָר אנדערש
אין אױסזען. עס איז פארשװאונדן די שטרענג-
קײט אױף זײן פנים, זײנע בלױע אױגן האָבן
קינדעריש געלױכטן מיט, דאכט זיך, דער זעל-
ביגער שטיפערישקײט װי די חדר אײנגלאך.

די תלמידים האָבן דערפילט דעם גע-
מיט פון דעם רבי'ן און עס איז זײ דעמאָלט גע-
װאָרן ליב דער חדר. עס האָט גאָרנישט געצױגן
צום שנײענדיגן, פראָסטיגן דרױסן, נאָר ס'איז
געװען גוט צו זיצן ארום דעם גרױסן טיש,
זיך צוהערן מיט חידוש צום רבי'ן, בעת ער
האָט דערצײלט די נסים פון חנוכה.

און װאָדע איז געװען גוט נאָך
דעם לערנען צו שפּילן אין דרײדלאך. די בלײ-
ענע דרײדלאך, װאָס מײן טאטע האָט אלײן אױס-
געגאָסן אין א פורעם, פלעגן זיך גלאט און
רירעװדיג דרײען אױף דעם טיש און אפילו

אויף דער אָפּגעריבענער ערד.

מיר איז גאָר געווען גוט אין די חנוכה טעג. אַלע אינגלאַך האָבן זיך געבעטן ביי מיר צו שפּילן מיט זיי אין דריידלאַך. זיי האָבן געוואוסט, אַז אַ דריידל, וואָס איך האָב ארויס-געלאָזט פון דער האַנט, האָט זיך געדרייט לאַנג און געשווינד ווי אַ ווינט-מילכעל און איז געפאַלן גראָד אויף דעם אות, וואָס איך האָב געוואָלט עס זאָל פאַלן.

בין איך טאַקע געווען מזל'דיג און האָב אָפּגעוואונען אַלע קנעפּלאַך, וואָס די אינג-לאַך האָבן געהאַט אין זייערע קעשענעס. אַז מ'האָט אויסגעליידיגט די קעשענעס, האָט מען גענומען רייסן די קנעפּלאַך פון דעם רעקל.

דעמאָלט האָט זיך שוין מיין מאַמע אריינ-געמישט און זיך גענומען ביזערען אויף מיר: ס'טייטש, די קינדער וועלן זיך דאָך פאַרקילן, ווען זיי וועלן ארויס אין דרויסן מיט די אָפּ-געשפּיליעטע רעקלאַך!

האָב איך געמוזט אין מיטן שפּילן נע-מען אַ נאָדל-פאָדעם און אייננייען צוריק אויף די רעקלאַך אַ טייל פון מיינע געוואונענע קנעפּ-לאַך. דערנאָך האָב איך אויסגעליען די קינ-דער זייערע פאַרשפּילטע קנעפּלאַך און די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן פון דאָס ניי.

צום לעצטן חנוכה-ליכטל פלעגט מיין מאַמע באַגלייטן דעם וואָכעדיגן יום-טוב מיט לאַטקעס. זי פלעגט פאַרמישן אַ גרויסע שיסל מיט רעטשענער מעל און זיך אַוועקשטעלן ביים ברענענדיגן אויוון באַקן לאַטקעס פאַר דער פאַמיליע און אויך פאַר די חדר-אינגלאַך. דאָס איז געווען אַ מין חנוכה-געלט פאַר די קינדער.

די אינגלאַך פלעגן גערן כאַפּן די לאַטקעס און זיך פאַסמאַקעווען מיט יעדן ביסן. מיט קינדערשער פרייד פלעגן זיי שרייען צו מיין מאַמען:

- רבי׳צן, איבער א יאָר חנוכה זאָלט
איר ווידער באַקן אַזעלכע גוטע לאַטקעס פאַר אונדז!

שפּעט אין אָוונט, ווען די קינדער האָבן שוין געדאַרפט גיין אַהיים און זײַנען שוין געשטאַנען בײַ דער טיר מיט זייערע אָנגעצונדענע פּאַפּירענע לאַמטערנדלאַך, האָבן זיי געקוקט אויף די צאַנקנדיקע חנוכה-ליכטלאַך, באַטאַפּט אין זייערע קעשענעס זייערע דריידלאַך און שווײַדענדיקע, אָן חשק, פאַרלאָזט דעם חדר.

איך האָב דעמאָלט געוואוסט, אַז אויך זיי, פּונקט ווי מיר, טוט באַנג וואָס די אַכט טעג חנוכה האָבן זיך פאַרענדיקט.



* * * * * * * * * * * * * * * * * * *
* פורים אין דער אלטער היים *
* *
* * * * * * * * * * * * * * * * * * *

## פורים אין דער אלטער היים

נאָכדעם ווי חנוכה איז אוועק, האָבן זיך ביי אונז אין הויז איינגעשטעלט לאַנג-ווײליגע, שווערע טעג מיט א סך טומל פון די חדר-איינגלעך. דעם טאַטן'ס אויגן זענען פארצויגן געוואָרן מיט אן אומרואיגן טרויער און ער פלעגט זיך גאַנצע טעג בייזערן אויף די תלמידים, וואָס פלעגן בשעת דעם לערנען אַפּטאָן פאַרשיידענע שפּיצלעך.

גאָר אַנדערש איז געווען די שטימונג, ווען ס'האָט זיך אָנגערוקט דער פּורים און מען האָט אָנגעהויבן לערנען מגילת אסתר. דעמאָלט האָבן די איינגלעך שוין פאַרגעסן צו קוקן דורך די קליינע פאַרפרוירענע פענצטער צום דרויסן. זיי זענען געווען ווי אוועק-געטראָגן ערגעץ אין א כישוף-וועלט, אין א שטאָט, וואָס האָט געהייסן שושן, וואו עס האָט געוועלטיגט דער קעניג אחשורוש איבער הונ-דערט זיבן און צוואַנציג מדינות.

א פאַרגאַפּטע פלעג איך זיך צוהערן צו די לעגענדאַריש ראָמאַנטישע געשעענישן פון דער שיינער אידישער טאָכטער אסתר.

טיף אין מיר איז געווען א פאַרדראָס פאַרוואָס אזא שיינע, געראָטענע אסתר איז גע-וואָרן די קיניגין פון אזא צעבאַלעוועטן הול-טיי ווי אחשורוש. איך האָב אָבער געוואוסט, אז אזוי איז עס געווען באַשערט - אז די שיינע אסתר זאָל ראַטעווען די אלע אידן פון די אלע מדינות, איבער וועלכע דער קעניג אחשורוש האָט געטאָן קעניגן.

און אוודאי בין איך געווען שטאָלץ מיט אסתר'ן, וואָס א דאַנק איר איז איר

פעטער מרדכי, דער געטרייער, ערלעכער איד, גע-
װאָרן דער שני למלך און אויסגעלייזט די אידן
פון המן הרשע.

איך פלעג אזוי זיצן א פארטראכטע,
פארטאָן אין די צויבערדיגע מעשיות פון
אמאל, ביז מיין מאמע פלעגט זיך צעבייזערן
אויף מיר און טענה'ן:

- זע נאָר, א מויד, װאָס װערט שוין באלד
אכט יאָר, זאָל נאָר זיין אריינגעטאָן אין דעם
לערנען פונקט װי א אינגל! װאָלסטו בעסער
עפּעס געטאָן אין שטוב.

דעמאָלט פלעגט מיר שוין פארדריסן פאר-
װאָס איך העלף ניט דער מאמע'ן אין איר
שװערער ארבעט פון רייניגן די שטוב. זי איז
דאָך געװען אזא שװאכע, מיין מאמע, און איז
געװען שטענדיג פארנומען מיט װאשן װעש, ריי-
ניגן די בלאָטע אין חדר, װאָס די קינדער האָבן
אריינגעטראָגן, קאָכן און באקן - אויב עס איז
געװען מיט װאָס איינצוקויפן, דאָס הייסט, װען
א תלמיד האָט געבראכט שכר לימוד דעם רבי'ן.

ערב פורים איז מיין מאמע געװען שטארק
פארנומען מיט צוגרייטן און באקן אירע פורים-
געבעקסן.

איך פלעג אויפשטיין פארטאָג, װען ס'איז
נאָך געװען פינצטער, און נאָכקוקן מיין מאמען,
װי זי פורעמט אויס אזוי שיין מיט פארשיידענע
שפּיצן די צימערינג קיכלאך און די קליינע,װיי-
סע קישעלאך, װאָס זענען אָנגעפילט געװאָרן מיט
פארשידענע איינגעמאכטסן, װאָס האָב געהאט אלע
גוטע טעמים פון דער װעלט. די האָמענטאשן
און די שיינע, געלע חלות, װאָס האָבן געשמעקט
מיט זאפראן, האָט די מאמע געבאקן צום לעצטן
װען דער יום-טוב פורים איז שיין געשטאנען
אויף דער שװעל, גרייט אריינצוקומען אין הויז.

דעמאָלט זײַנען די חדר־אינגלאך ארויסגעלאָפן ליאַרעמדיגע אויף דער פרײַער גאס מיט גראגערס אין די הענט. פאר די קינדער איז דער יום־טוב פּורים געווען עפּעס ענלעך צום אמעריקאנער קינדער יום־טוב „האַלאָווין", נאָר מיט אנדערע מנהגים. דעם גאנצן טאָג פלעגט מען ארומלויפן פארשמירטע, פארשטעלטע איבער די גאסן, טראָגן שלח־מנות און עסן נאשערײַען.

אויף דעם צווייטן טאָג, וואָס איז שוין געווען שושן פּורים, איז אונזער רײַנע, יום־טוב'דיגע שטוב צוריק געוואָרן א חדר. די אינגלאך זענען אָנגעלאָפן פריילעכע מיט זינגעוודיגע שטימעלאך און געשריגן: „הײַנט איז פּורים, מאָרגן איז אויס, גיב מיר א גראָשן און וואַרף מיר ארויס."

אָבער דער אײנער טאָג פּורים איז שוין פארבליבן מיט אונז ביז פּסח. די קינדער זענען געזעסן מיטן רבי'ן בײַם טיש און געלערנט מיט חשק.

די קוויטן פון אונזערע פארפרוירענע פענצטערלאך זײַנען פארשוואונדן. א וואַרעמע זון האָט ארײַנגעשײַנט אין שטוב און מיט געל באזילבערט ליכט זיך צעטאנצט אויף דעם לאנגן טיש, איבער די צעעפנטע ספרים, וועלכע האָבן דערצײלט פון יציאת מצרים.

ס'איז געווען ערב פּסח און דער פרילינג האָט געטריקנט די טיפע בלאָטעס אין שטעטל. מיר האָט זיך געדאכט, אז עס וואָלט גאָר נישט געקאָנט קומען דער ערב פּסח און אויך נישט דער פריילעכער, וואַרעמער פרילינג, ווען עס וואָלט פריער נישט געווען קײן פּורים אויף דער וועלט.

* * * * * * * * * * * * * * * * * * *

* פּסח אין מײנע קינדער-יאָרן *

* * * * * * * * * * * * * * * * * * *

דער יומטוב פּסח האָט אין מײנע קינדער-שע יאָרן געשאַפן װאָכן פון פרײד און פארגעניגן. מיר דאכט זיך, אז די פּסח'דיגע שטימונג איז צו מיר געקומען באלד נאָך פּורים, װען די חדר אינגלאך זײנען פרײלעכע אין חדר אָנגעלאָפן און זיך אױסגעזעצט ארום דעם לאנגן טיש, מיט די אָנגעװאָרפענע ספרים און מיט חשק זיך צוגעהערט צו מײן טאטן, זײער רבי'ן בשעת ער האָט מיט זײ געלערנט װעגן יציאת מצרים.

די שטוב איז דעמאָלט געװען ליכטיג באַשײנט פון א זון, װאָס האָט שטיפעריש ארײנגעטאנצט דורך אונזערע לױטערע פענסטערלאך. עס זײנען פארשװאונדן פון זײ די פראָסטיגע קװײטן, װעלכע האָבן אָנגעהאלטן דעם גאנצן װינטער. עפענען די פענסטער האָט מען ניט געקענט, זײ האָבן זיך קײנמאָל ניט געעפנט.

דערפאר איז אָבער אונזער דרױסנדיגע טיר שױן געװען ברײט צעעפנט פונקט װי אין זומער צײט. עס איז געװען אזױ לײכט ארױסצולױפן פון שטוב, א קוק צו טאָן װי די בלאָטיגע גאסן טרוקענען זיך קעגן דער זון, און פון שטרױענע דעכער קאפּען די לעצטע טראָפּנס פון צעגאנגענעם שנײ. גוט איז אױך געװען א שפרונג צו טאָן איבער א ברעטל, אָדער א שטײן, װאָס איז געװען אױסגעלײגט פאר א סטעזשקע איבער דער לענג און ברײט פון דער גאס.

אין דרױסן איז געװען מילד און װא-רעם. איך האָב שױן ניט געדארפט אױף זיך אָנטאָן מײן איבערגעניצעװעט רעקל, װאָס מײן מאמע האָט מיר אױפגענײט פון איר'ן אַן אלטן

ראָק, און אוודאי איז מיר געווען וואַרעם אין מיין סיצן קליידל, בשעת איך האָב געהאָלפן מיין מאַמע׳ן וואַשן דעם טיפֿן הילצערנעם מול-טער, און דעם גרויסן פּלאַכן לאָקשן-ברעט, און אַ סך אַנדערע חמץ׳דיקע כלים, וואָס די האָט אַרויסגעטראָגן לעבן אונזער הויז, אויף אויסצוואַשן, און נאָכדעם אַוועקשטעלן אויף דעם בוידעם ביז איבער פּסח.

עס איז דאָך געווען פֿאַר מיר אַ שיינע שפּיל, צו רייבן און ריייניקן מיט וואַסער דעם טייגיקן לאָקשן-ברעט און זען ווי די דיטש-קעלאַך מעליקע וואַסער מישן זיך אויס מיט דער שוואַ־צער גלאַנציקער בלאָטע פֿון גאַס.

עס פֿלעגט מיך גאָר עפּעס באַנג טאָן, פֿאַרוואָס איך האָב מיט די אַלע שטיפֿערישע שפּילעוודיקע פֿאַרגעניגנס זיך ניט געקאָנט טיילן מיט די אינגלאַך אין ׳חדר. זיי זיי-נען געווען אין יענע טעג שטענדיק פֿאַרנו-מען מיט לערנען וועגן משה׳ס גרויסע מעשים, וואָס ער האָט אויפֿגעטאָן פֿאַר די פֿאַר-שקלאַפּטע אידן אין מצרים, און ווען די אינגלאַך זיינען ניט געזעסן ביים טיש און געלערנט, פֿלעגן זיי אינגאַנצן פֿאַרשווינדן אויף לאַנגע שעה׳ן, דער תירוץ איז געווען: מען איז געגאַנגען צום שניידער אָנמעסטן אַ נייעם גאַרניטער פֿאַר פּסח. צופֿיל גאַרני-טערס מעסטן זיי - האָב איך צו זיך געטראַכט. אָבער מיין טאַטע האָט זיך וועגן דעם ניט ווייסנדיק געמאַכט.

ער אַליין האָט קיין גאַרניטער אויף פּסח ניט געמאָסטן, נאָר ווען עס איז געקומען פּסח צום סדר, האָט ער זיך פֿאַרפּוצט אין זיין ווייסן קיטל און אָנגעטאָן אַ ווייסע יאַר-מולקע אויף זיין קאָפּ און זיצענדיק אויף דער הויכער היסב בעט, האָט ער אויסגעזען ווי אַ שיינער שטאָלצער מלך.

מיין מאַמע איז אויך געווען אויסגעפּוצט

איך איר געלער זײדענער קלײד, װאָס איז איר
נאָך פאַרבליבן פון אירע חתונה-קלײדער. איך
און מײנע צװײ שװעסטערלאַך זײנען געװען אָנגע-
טאָן אין נײַע זומערדיקע „בונדעס״-קלײדלאַך.

זיצענדיק בײַ דעם שײן-געדעקטן סדר-
טיש, האָט זיך מיר גראָד געװאָלט צו דורכשפּאַ-
צירן איבער אונזער אױפגעראַמטער שטוב, און
הערן דאָס ריטמישע סקריפּען פון מײנע נײַע שיך.
איך האָב אָבער אױך הנאה געהאַט פון זיצן בײַם
טיש און נאָכפאָלגן די אַלע מנהגים פון דעם
פּסח׳דיקן סדר, און אַװדאַי די גוטע געשמאַקע
מאכלים, װאָס מײן מאַמע האָט דערלאַנגט. און
די כוסות װײַן, מיט דעם געזאַנג פון דער הגדה
האָבן מיך גאָר שטאַרק פרײלעך געמאַכט.

איך האָב נאָר ניט געקענט פאַרשטײן,
פאַרװאָס פונקט דעמאָלט, װען עס איז געװען
אַזױ יום-טובֿ׳דיק בײַם טיש, און מײן טאַטע
האָט אַזױ שײן געזונגען חד גדיה, האָב איך
דערזען, אַז אױף מײן מאַמע׳ס פּנים קײקלען
זיך בלישטשענדיקע טרערן. פאַרװאָס װײנט מײן
מאַמע? - האָב איך זיך געװאונדערט און גע-
טראַכט: אפשר װײנט זי דערפאַר, װאָס זי האָט
ניט קײן זון, װאָס זאָל פרעגן די פיר קשיות.
אָבער װאָס אַרט עס מײן מאַמע׳ן, אַז איך, א
מײדל, פרעג דעם טאַטן די קשיות?

װען עס איז געקומען צו געפינען
דעם אפיקומן האָב איך שױן צוזאַמען מיט מײ-
נע שװעסטערלאַך געדרעמלט. װען איך האָב זיך
אין דער פרי אױפגעכאַפּט פון שלאָף, איז מײן
מאַמע צו מיר צוגעקומען א שמײכלענדיקע און
גערעדט צו מיר מיט מאַמעשער ליבע. אַזױ
רעדט צו מיר מײן מאַמע װען איך בין קראַנק,
האָב איך געטראַכט, און זיך געטאַפּט מײן קאָפּ.
אָבער איך בין געװען געזונט, עס איז בלױז
געװען די געמיטלעכקײט פון פּסח אין דער
פרי, און מײן מאַמע האָט געװאָלט װיסן צי
װיל איך עסן צום פרישטיק קאַרטאָפל-לאַטקעס

אָדער מצה-מעל לאטקעס. איך האָב געחאוסט,
אז אלע פסח'דיגע לאטקעס, װאָס מײן מאמע
מאכט, זײנען מלא טעם, אָבער איך װעל זײ נאָך
עסן גאָר א סך אין די אלע טעג פון פסח,
דערפאר האָב איך א צעפּיעשטשעטע געבעטן צו-
געפרישטע מצה. איך בין דאָך געװען זיכער,
אז די גאַנצע װעלט פארמאָגט ניט קײן בעסערן
מאכל װי פסח'דיגע צוגעפרישטע מצה.

שפּעט אין טאָג, װען איך מיט מײנע
חבר'טעס טויבע, חיקע און ציפּע, האָבן זיך
שוין אָנגעשפּילט מיט ניס, זײנען מיר גע-
גאַנגען שפּאצירן צו דעם „פּאָטשט", אביסל
ארויס פון שטעטל. דאָרטן האָבן די שטעטעל-
דיגע מײדלאך און בחורים שפּאצירט איבער א
ברײטן װעג, ארומגערינגלט מיט סעדער און
צעאקערטע פעלדער צום פארזײען.

מיר, די אכט יאָריגע מײדעלעך, האָבן
זיך װי ציגן געיאָגט איבער דעם לײדיגן
פעלד, געשמעקט די פרישע גראָזן, אײנגע-
אָטעמט טיף דעם פריען פרילינג, און גע-
פרײט זיך מיט דעם יום-טוב פסח.



* * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * *
*           גרינס און מילכיגס           *
*      ערב שבועות אין אמאליגן שטעטל      *
*                                        *
* * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * *

דעם ערשטן אינדערפרי נאָך פּסח, ווען די תלמידים האָבן זיך געגומען צוזאַמענקלייבן אין חדר, איז אונזער שטוב נאָך געווען ציכטיג-ריין און אָנגעפּילט מיט יום-טוב'דיגער זאַטקייט. עס איז נאָך פאַרבליבן א סך אייגענער געמאַכטער ראָזשינקע-ווייַן, א ווייס זעקעלע מיט ניס, א גרויסער סלאָי מיט אויסגעפּרעגלטע גענזענע שמאַלץ און אויף דעם טאַפּטשאַן זיינען געווען אָנגעשטעלט פאַרבליבענע מצות, מצה-מעל און פאַרפל.

אָבער די אַלע מאַכלים, וואָס זיינען ערשט מיט עטלעכע טעג געווען אזוי באַ'טעמ'ט צום עסן, זיינען מיר שוין געוואָרן דערווידער. מיך האָט שטאַרק גערייצט דער ריח פון דעם אויפגעייענדיגן ברויט אין אונזער דעיזשקע, וואָס מיין מאַמע האָט געגרייט צום באַקן, און עס האָט ווי געבריט דער גומען אין מיין מויל וואָס שנעלער צו עסן א שטיקל פּיסנע ראַזאָווע ברויט.

פון אַלע צעעפנטע טירן פון די שטעטלדיגע הייזער האָט אַרויסגעשמעקט דער מחיה'דיגער טעם פון פריש-געבאַקענעם ברויט, און די ריחות פון דעם ברויט האָבן זיך אויסגעמישט מיט דעם דרויסנדיגן פרילינג-אַראָמאַט פון צעבליטן דוטפיגן בעז און מיט שפּראָצנדיגן סאָסנע-וואַלד, וואָס האָט געבליט און גערינט אַרום דעם שטעטל.

די בלאָטעס פון שטעטל זיינען שוין געווען אויסגעטריקנט אין שטויביגן ערדישן זאַמד, און די קליינינקע קריכנדיגע קינדערלאַך האָבן זיך אַרום די שטיבער געשפּילט אין דעם זאַמד. זיי האָבן מיט זייערע הענטלעך גע-

טראָגן דעם טרוקענעם שטויב צו די צעעפנטע
ליפּעלעך, וואָס זיינען נאָך געווען פאַרשמירט
מיט דער ווייסער ליים פון די שטוביגע ווענט.

אַביסל ווייטער אַוועק פון די הייזער האָבן
הונגעריגע חזירים אַרומגעבלאָנדזשעט איבער
די גאַסן פון דעם שטעטל, און שטיל זיך
געקוויקט מיט די מאכלים, וואָס זיי האָבן
איבער די וועגן געפונען. די חזירים,
וועלכע פלעגן פאַרקריכן פון דער „גוי'-
אישער גאַס", זיינען עס געווען די גאַסן-
ריי ניגער פון שטעטל, אָבער נאָענט צו די
הייזער זיינען זיי קיינמאָל ניט צוגעקומען
און מיט די קינדער זיך ניט פאַרטשעפּעט.

די מאַמעס פון די קינדער זיינען גע-
ווען פאַרנומען אין די פּרילינג-טעג מיט
דעם דרויסנדיגן לעבן אַרום דעם הויז.
אַלע אַרבעטן, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט
טאָן אין דרויסן, האָט מען מיט גרויס
חשק אַרויסגעבראַכט פון שטוב. עס איז
גוט געווען צו זיצן אויף דער פרייזבע
לעבן דעם אייגענעם הויז, אָדער ביי אַ
נאָענטער שכנה'ס הויז און דאָרטן צירעווען
זאָקן, פאַרריכטן אונטערוועש, פאַרלאַטען
אָפּגעטראָגענע קליידער.

ווען עס פלעגט זיך דערנענטערן דער
יום-טוב שבועות זיינען שוין די טעג געווען
הייסע ווי זומער-צייט, אָבער נאָך אָנגעפּילט
מיט דעם קילן פּרילינג ווינטל, וואָס האָט
געוועקט האָפענונג און פרייד ביי די שטעטל-
שע מענטשן.

די פרויען פלעגן זיך אין מיטן טאָג
אויספּוצן אין זייערע שענסטע טיכלאַך אויפן
קאָפּ און גיין אין מאַרק אַריין איינקויפן
אויף יום-טוב. ווער עס האָט זיך נאָר גע-
קאָנט פאַרגינען אויסצוגעבן אַ רובל, איז
געקומען צוריק פון מאַרק מיט שווערע
קוישן, אָנגעפּילט מיט אַלע גוטע עסנוואַרג

פאר די שבועות'דיגע טעג, פאר די מילכיגע סעודות.

איך געדענק איינמאָל א פרילינג, ווי איך האָב זיך דערפרייט, ווען איך האָב איך מיין מא-מע'ס קויש דערזען די ערשטע יונגע רעטעכלאך און גרינע ציבעלקעס, וואָס זי האָט ביי די פויערטעס אין מארק איינגעקויפט. שמעקנדיג די רעטעכלאך און ציבעלקעס האָב איך זיך פאָר-געשטעלט דעם גאָרטן, וואו זיי זיינען געוואקסן, און א גרויסע בענקשאפט צו זיין דאָרטן האָט אָנגעפילט מיין יונג הארץ.

איך האָב דאן אין מיטן דעם וואָכנדיגן טאָג, צוזאמען מיט מיינע חבר'טעס, אוועקגע-שפאצירט צום וואלד, וואָס איז געווען נאָענט פון שטעטל. דאָרטן, אין צעגרינטן, טיפן וואלד, האָבן מיר זיך געשפילט אין באהעלטע-ניש, און האָבן זיך טאקע אין דער אמת'ן פארלוירן.

עס האָט געדויערט שעה'ן, לאנג ביז מיר האָבן זיך צעשראָקענע און דערפרייטע צוריק-געפונען. דאן האָבן מיר אָנגעקליבן אין וואלד א סך בליענדיגן לאנדעש, און דעם ווייסן שמע-קנדיגן לאנדעש, מיט די שמאָלע גרינע לאנגע בלעטלעך האָבן מיר צוזאמענגעבונדן אין בינט-לעך און אהיימגענומען. ווען איך בין אהיים-געקומען האָב איך א שטייענדיגע אויף דער שוועל געפונען באטראכטן אונזער שטוב און אויסרעכענען אין וועלכן ווינקל עס וועט זיך אמבעסטן פאסן מיין לאנדעש, קעגן די גרינע צווייגן אויף די ווענט, וואָס וועלן באהאנגען ווערן צוליב דעם יום-טוב שבועות.

די חדר-אינגלעך, וואָס זיינען געזעסן ביים טיש מיט זייער רבי'ן און געלערנט הק-דמות, האָבן מיך דערזען שטייענדיג אזא פריי-לעכע און צעוואָרעמטע פון וואלד, מיט די בלומען אין מיינע הענט, און עס האָט אין זייערע אויגן זיך צעפינקלט קנאה, וואָס איך,

א מיידל, קאָן אזעלכעס זיך פארגינען.

געחאוסט האָב איך, אז יעדערער פון זיי טראכט שוין, אז מאָרגן חעלן זיי זיך מיט מיר אויסגלייכן - מאָרגען חעט מען לויפן צום טייך איינציגחייז זיך באָדן און דער טאטע מיינער, זייער רבי, חעט זיך אפילו ניט חיסנדיג מאכן, חאָס עס פעלן אויס קינדער אין חדר א טאָג ערב יום-טוב.

מיך האָט עס אחדאי ניט געאַרט, חאָס די אינגלעך חעלן זיך שוין לויפן באָדן אין דעם שיינעם שטראָמיגן טייך. נאָר עפּעס איז דאָס געחען פאר מיר א צייכן, אז דער מילדער פרילינג איז שוין פון שטעטל אחעק, און עס איז אָנגעקומען דער הייסער זומער.



* * * * * * * * * * * * * * * * * * *
*                                                             *
* אמאָל אין די פאַרכטיגע טעג *
* * * * * * * * * * * * * * * * * * *

ראש השנה און יום כיפור זענען געווען די איינציגע אידישע יום-טובים, וואָס האָבן אין מיינע קינדערשע יאָרן פאַר מיר ניט גע-שאַפן קיין פרייד, נאָר א מין ערגערניש און מורא.

איך האָב געוואוסט- אז דאָס זענען פאַרכ-טיגע טעג, יום-הדין טעג, ווען מען דאַרף אָפּ-געבן דין וחשבון פאַר א גאַנץ יאָר. אידן דאַרפן גיין אין שול אריין, זיך קלאַפּן על חטא פאַר די באַגאַנגענע זינד און אויסבעטן א גוט יאָר. מען דאַרף פאַסטןביידע ערשטע האַלבע טעג פון ראש השנה און א גאַנצן טאָג יום כיפור.

דאָס איז געווען גוט פאַר דערוואַקסענע מענטשן און אפילו פאַר חדר-אינגלעך, וואָס גייען אין שול אריין מיט זייערע טאַטעס. אָבער וואָס האָב איך, א קליין מיידעלע, געקאָנט טאָן, חוץ איבערגעבן מיינע זינדיגע מעשים צו טאַטע-מאַמע?

מיך האָט אויך שטאַרק געערגערט וואָס מיט דעם אָנקומען פון די ימים נוראים איז אזוי ווי מיטאַמאָל פאַרשוואונדן דער פריילע-כער, גוטער זומער.

די טעג זענען געוואָרן קורצע, קילע און רעגנדיגע. איך האָב זיך שוין נישט גע-קענט באָדן אין דעם גרויסן, שיינעם טייך און נאָכקוקן די שטראָמיגע וואַסערן, ווי זיי יאָגן זיך ערגעץ ווייט אוועק.

איך האָב שוין אפילו ניט געקאָנט גיין מיט די חבר'טעס אין וואַלד אריין, ווייל ס'איז שוין דאָרט מער נישט געווען קיין ווייסער לאַנ-דיש צו רייסן, קיין רויטע פּילעניצעס צום

עסן און קיין בלויע יאגעדעס צו קלייבן. דער וואלד איז שוין געווען פּיכט און אומעטיג. אונזערע מאמעס האָבן אונז שוין מער נישט גע־לאָזט גיין אַהין, ווייל די מוידן קאָנען זיך נאָך פאַרקילן.

ערב די פאַרכטיגע טעג בין איך געבליבן ארום הויז אָדער אינווייניג אין דער טומלדי־גער שטוב, וואו די שטיפערישע חדר־אינגלעך האָבן געטומלט. זיי האָט, ווייזט אויס, ניט געאַרט וואָס ס'איז אויס מיט'ן זומער און עס קומען אָן די ימים נוראים. פאַר די אלע זינד, וואָס זיי זענען באַגאַנגען אין די זומער־דיגע טעג און וואָכן, האָבן זיי שוין געקראָגן זייער אָפּקומעניש.

אָט, א שטייגער, מאָטל, דער בן־יחיד פון דעם זאַאיקעוועטן, אלע ווייסן, אז ס'האָט אים שטאַרק געצויגן צו די עפּל, וואָס זענען געוואַקסן ביי אלטער דעם סאָדאַווניק אין סאָד. די עפּל זיינען געווען אַזעלכע גוטע און זאַפ־טיגע. נו, איז וואָס, אז אלטער וועט פאַר־מאָגן מיט עטלעכע עפּל ווייניגער? וועט ער דען ווערן א גרעסערער קבצן? האָט מאָטל אָפּ־געריסן עטלעכע עפּל. נו, איז וואָס? גאָר ניט.

נאָר באלד אינדערפרי, איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט אַוועקצוגיין אין חדר, האָט אים שוין דער טאטע זיינער אריינגעכאַפּט אין זיינע לאַנגע, ברייטע הענט, און ס'האָבן זיך גענומען שיטן אויף אים פּעטש, נאָך גרעסער פון אלטער דעם סאַדאָווניק'ס עפּל.

ווען מאָטל איז געקומען א פאַרשפּע־טיגטער אין חדר אריין, האָבן שוין אלע גע־וואוסט וואָס מיט אים איז געשען. דער רבי האָט אויף דעם תכשיט זיך אפילו ניט אומ־געקוקט, ווייל די רבי'צן איז געשטאַנען ביי זיין זייט גרייט אים צו באַשיצן. ער איז שוין זיינס אָפּגעקומען, האָט זי געזאָגט.

דער טאטע איז דווקא געווען אויפגעלייגט ערב די פאָרכטיגע טעג. ער האָט פון צייט צו צייט אויפגעהויבען זיינע אויגן פון ספר און זייטיג באטראכט די אינגלעך, טאָמער וועט אימי-צער אָפּטאָן א שפּיצל. נאָר ער האָט געוואוסט, אז די אינגלעך וועלן אזוינס ניט טאָן ערב די פאָרכטיגע טעג. זיי ווייסן דאָך, אז מיט ימים נוראים שפּילט מען זיך נישט.

און די מאמע איז געווען פארנומען מיט'ן אוונקויפן אויף יום טוב. דאָס איז גע-ווען דער איינציגער ערב יום טוב, ווען די מאמע האָט זיך נישט באקלאָגט וועגן געלט. זי האָט אלץ איינגעקויפט פאר מזומן, וויל די באלעבאטים האָבן צוגעשיקט זייער שכר לימוד מיט די קינ-דער. ס'איז דאָך געווען סוף זמן און ערב יום-הדין...

דעם ערשטן טאָג ראש השנה אינדערפרי ווען מאמעס און טאטעס האָבן זיך געאיילט אין שול אריין, זענען די אינגלאך, אויסגעפּוצטע אין די נייע גארניטערס, מיטגעגאנגען, און איך בין געזעסן אויף דער פּריזבע און האָב זיך געערגערט. פארוואָס קאָן איך ניט מיטגיין אין שול אריין ווי די אינגלעך? פארוואָס קאָן איך זיך נישט צורוקן צום עמוד, וואו דער חזן מיט די משוררים זינגען אזוי שיין?

אוודאי, קאָן איך מיטגיין אין דער ווײ-בערשער שול, אָבער אהין האָט מיך נישט געצויגן.

אָט-בין איך איינמאָל מיטגעגאנגען מיט דער מאמען און האָב זיך אוועקגעשטעלט ביים פענצטערל, וואו מען קאָן אראָפּקוקן צו דער מע-נערשער שול. מיינע אויגן האָבן געזוכט דעם ווינקל מיט די משוררים, וויל דאָרט האָט געזונ-גען שימעלע דעם קרופּניק'ס, וואָס זיין שטימעלע איז געווען אזוי זיס, אז עס איז אויסגעגאנגען דאָס חיות.

אָבער צו לאנג האָב איך ביים פענצטערל נישט געקאָנט שטיין, דער קאָפּ האָט זיך מיר

פארדרייט פון דער װארעמער, פארשטיקטער לופט און פון דעם געװיין פון די װייבער. מיר האָט זיך אויך געװאָלט װיינען. איך האָב זיך גע-פילט געקריװדעט און פארשטויסן. איך האָב נישט געקאָנט פארשטיין פארװאָס עס דארף זיין א באזונדערע װייבערשע שול אזוי הויך אין א בוידעם-שטיבל, אז דער קאָפּ פארדרייט זיך.

מיר איז געװאָרן נישט גוט, נאָר פלוצים האָב זיך דערמאָנט, אז עס רוקט זיך אָן שמחת תורה. דעמאָלט װעל איך קאָנען גיין צו די הקפות צוגלייך מיט די אינגלעך און זיך דרייען ארום די ספר-תורות מיט א פּאפּירענער פאָן און מיט א שיינעם רויטן עפּל אויפ'ן שפּיץ פון דער פאָן.

אָן אויפגעלעבטע, א צופרידענע בין איך אראָפּגעלאָפן אין דרויסן זיך שפּילן מיט מיינע חבר'טעס. עס איז מיר געװאָרן גוט אויפ'ן הארצן: איך האָב געהאט אויף װאָס צו װארטן, אויף װאָס צו האָפן...



* * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * 

## סוכות - מײן ראָמאַנטישער יום-טוב

* * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * 

יעדער אידישער יום-טוב בײ אונז אין שטעטל האָט געהאַט זײן באַזונדערן חן פאַר מיר און מײנע חבר'טעס אין אונזערע פרײע יוגנט-יאָרן. כאָטש איך װײס ניט גענױ, װען אונזערע קינדער- יאָרן האָבן זיך געענדיגט, און װען עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונז די פרײע יוגנט.

איך געדענק נאָר, אַז בײ אונזערע מאַמעס זײנען מיר געװען פאַררעכנט פאַר גרױסע מוידן (צו אכט און נײן יאָר), װעלכע זײנען אַרומגעגאַנגען פּוסט-און-פּאַסט, בשעת זײ, די שװאַכע מאַמעס, האָבן געהאָרעװעט זײער שװער, אָנצופירן מיט זײער אָרעמער באַלעבאַטישקײט. אמת, מיר פלעגן זײ אפילו אַ סך אַרױסהעלפן אין זײער טעגלעכער שװערער אַרבעט, אָבער זײ האָבן אַלץ אויף אונז זיך געבײזערט, פאַרװאָס מיר "שפּרינגען אַרום גאַנצענע טעג- װי װילדע ציגן".

דערפאַר אָבער, װען עס פלעגט קומען אַ יום-טוב, זענען אונזערע מאַמעס געװאָרן גוט און מילד צו אונז. שײנע, אויסגערוטע האָבן זײ דאַן אויסגעזען, און אפילו זײער װײנען בײ די יום-טוב'דיגע טישן האָט זײ אויך צוגעגעבן מאַמעשן חן.

איך פלעג זיך חידוש'ן, פאַרװאָס דאַרף זיך מײן מאַמע דערמאָנען אָן אירע פאַרשטאָרבענע קינדער און אין דער קראַנקער מומע לײקע, דװקא דעמאָלט װען איך הויז איז אַזױ שײן און יום,טוב'דיג, און װען מאכלים, װאָס זי ברענגט צום טיש זײנען אַזױ באַ'טעם'ט צום עסן, נאָר גײ עס, װען די מאַמע װײנט, און אירע טרערן

פאלן אויף דעם חייסן טישטעך.

מיר דאכט זיך, אז בלויז די יום,טוב'-דיגע טעג פון סוכות פלעגט מיין מאמע ניט חיינען. אפשר איז עס געחען דערפאר, חייל די האָט אלע אירע קריחדעס און חייטאָגן אויס-געגרעדט און אויסגעחיינט אין די ימים נוראים בײם סידור אין דער חייבערשער שול.

אין די סוכות טעג האָט מיין מאמע אויס-געזען אַן אויסגעלייטערטע און א בארואיגטע מיט א שמייכל אויף איר פנים. זי פלעגט דאַן א פלינקע מיט גרויס פארגעניגן צו-ברענגען דאָס עסן צום פענצטער פון דער קאַמער צו דער סוכה, און מיין טאטע האָט פון אינחייניג פון דער סוכה צוגענומען פון אירע הענט די כלים מיט די געשמאקע מאכלים און זיי אחעקגעשטעלט אויף דעם געדעקטן יום טוב'דיגן טיש.

ערשט דאַן פלעגט מיין מאמע פארנעמען מיט די הענט איר לאַנג זיידן קלייד, חאָס איז נאָך פארבליבן פון איר חתונה און מיט גע-ניטקייט אריבערקלעטערן דורך דעם פענצטער אין סוכה אריין. עס איז אפילו געחען א טיר אין סוכה, אָבער זי האָט געפירט צום דרויסן.

צו לאַנג איז מיין מאמע בײ דעם טיש ניט געזעסן, חייל יעדן קומענדיגן געריכט האָט זי געדאַרפט דורכמאכן די זעלבע „נסיעה" פון דער סוכה אריבערקלעטערן דאָס פענצטער צו דער קאַמער, פון קאַמער צושפאצירן אין פיר-הויז און פון פירהויז צו דער קיך. אזוי אהין און צוריק, ביז די סעודה האָט זיך פארענדיגט.

און חידוש'דיג איז דאָס געחען פאר מיר חאָס די מאמע האָט ניט געחאָלט, אז איך זאָל איר דערמאָלסט ארויסהעלפן. זי האָט גראָד גע-חאָלט, אז איך זאָל זיצן אויף איין אָרט אין

סוכה, און זאָל זיך ניט פארשמירן מײַן נײַ-װאַרעם קלײד, װאָס זי האָט אַלײן מיט א נאָדל און פאָדים אױפגעניײט.

פלעג איך טאַקע דעמאָלט בלײַבן זיצן א סטאַטעטשנע לעבן דעם טאַטן, און מיט נײַגער ארױפקוקן צום סכך פון דער סוכה. שמעקן די פרישע גרינע נאָדל-צװײַגן און זוכן צװישן זײ שפּאַלטן, װאו עס האָבן זיך דורכגעלױכטן בלי-ענדיגע שטערן.

געװען איז פאר מיר די סוכה מיט די אלע אכט טעג סוכות א פרײלעכער פאַנטאַסטישער יום-טוב, מיט גאָר א סך ראָמאַנטישע מנהגים. דאָס ראָמאַנטישע פון דעם יום-טוב האָט אױפ-געלעבט אין מיר טאַקע דעם ערשטן טאָג פון סו-כות אינדערפרי, װען יאַנקל דער שמש איז צו אונז אין, שטוב אַרײַנגעקומען מיט א פרײלעכן „יום-טוב״, און מיט א גרױסער אײלעניש, אז מיר זאָלן װאָס שנעלער אָפּבענטשן אתרוג, כאָטש מיר האָט זיך דעמאָלט גראָד ניט געװאָלט אזױ גיך אָפּ׳פּטר׳ן מיט בענטשן אתרוג. מיר איז גאָר געװען זײער ליב צו האלטן װאָס לענגער דעם אתרוג אין אײן האנט, און דעם הױכן שטאַלטנעם לולב אין דער צװײטער האנט.

בשעת דעם בענטשן, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט בילדער װעגן די שײנע פּרוכט-גערטנער, װאו אונזערע אבות האָבן אמאָל גע-װאױנט און װען יאַנקל איז שױן בײַ אונז אין הױז ניט געװען פלעג איך נאָך לאנג טראַכטן װעגן די פּאַרצײַטיגע אידן, װעלכע האָבן געװאױנט אױף די פרײַע פעלדער, אין שטרױענע געפלאָכטענע בײדלאך, און צוזאַמענ-געקליבן זײערע רײַף-געװאָרענע תבואות און זאַפטיגע פּרוכטן.

שפּעטער אין טאָג, װען טאַטעס און מאַמעס און אפילו די חדר-אינגלאך זײַנען אװעק אין שול אַרײַן דאַװענען איז געקומען צו מיר מײַן חבר׳טע טױבע, א פאַרפּוצטע אין א גאָר שײנעם

נײעם קלײדל, געמאכט לויט דער לעצטער מאָדע
און טאקע בײ דעם שטעטלדיגן „דאמסקי" שנײ-
דער. מיטן אויפנײען דאָס קלײדל האָט דער
שנײדער באצאָלט א חוב פאר די ברעטער, װאָס
ער האָט געקויפט בײ איר טאטן, צו פארריכטן
דעם גאניק פון זײן הויז.

מיר האָט שוין אָנגעהויבן א ביסל צו
ארן, הלמאי האָט איצט דער שנײדער ניט אויפ-
גענײט מײן יום-טוב'דיג קלײדל, פאר דעם
שכר-לימוד, װאָס ער איז שולדיג מײן טאטן.
אָבער טויבע האָט מיר פארזיכערט, אז איך
זע אויס „װי א פרינצעסין" אין דעם קלײדל,
װאָס מײן מאמע האָט מיר אויפגענײט. איך
האָב געװאוסט, אז זי זאָגט עס גלאט אזוי,
װײל זי װיל איך זאָל זי ניט מקנא זײן;
האָב איך זיך פרײנדיג צעלאכט און מיר
זײנען בײדע ארײן אין אונזער סוכה.

די סוכה איז פאר מיר מיט מײנע חבר-
טעס געװאָרן װי עפּעס אן אײגן װינקל, װאו
מיר פלעגן גערן זיך פארקלײבן און פאר-
ברײנגען א סך שעה'ן אין די סוכות'דיגע
טעג, רײדן און פאנטאזירן פון אמאָליגע
פארגאנגענע צײטן. מיר האָבן אויך ליב
געהאט זיך צוצוהערן צום דאװנען, צו די
זינגענדיגע תפילות, װאָס האָבן זיך גע-
טראָגן פון דער אנטקעגנדיגער קלויז. דאָס
געזאנג האָט אונז געמאכט פלאטערן אונטער'ן
הארצן, פונקט װי מיר זאָלן װעלן עפּעס נאשן.

איך האָב דאן נאָכגעטאָן מײן מאמע'ס
בריה'שאפט פון קלעטערן איבער'ן פענצטער
אין קאמער ארײן, װאו אין א זײטיגן טונ-
קעלן װינקל, אויף א ברײטן טאפטשאן האָט
מײן מאמע געמאכט איר דאמאָלסטיגע „לי-
דאָװניע" אָדער דעם הײנטיגן מאָדערנעם „רע-
פרידזשערײטאר". צוגעדעקט מיט א רײנעם
טישטאך איז געלעגן אין א טאָפּ קאלטע אָפּ-
געקאָכטע הון, מיט געבראָטענע לעבערלאך,
און לעבן טאָפּ א גרויסע האלבע קאװענע;

און א סך אנדערע עסנוואַרג איז דאָרטן געווען צוגעגרייט פאַר די יום-טוב'דיגע טעג. אָבער מיר, מיידלאַך, האָבן אמבעסטן הנאה געהאַט פון דער זאַפטיגער רויטער קאַווענע.

שמחת תורה, דעם לעצטן טאָג פון סו-כות, בין איך מיט מיינע חבר'טעס שוין ניט געזעסן אין סוכה. מיר האָבן אויסגעשפּאַ-צירט איבער'ן שטעטל, וואו עס זיינען געווען אָפן אלעמענס טירן און פענצטער, און אלע אידן האָבן זיך געפרייט מיט דער תורה, וואָס זיי האָבן געקראָגן אויף דעם באַרג סיני. מען האָט געגעסן געבראָטענע טייבעלאַך פון דעם אייגענעם אויווען, אָדער פון דער שכנה'ס אויווען. אין דעם טאָג איז ניט געווען קיין חילוק, מען האָט געטרונקען בראָנפן, און מען האָט זיך משמח געווען.

מער פון אלעמען פלעגט זיך אָנטרינ-קען שלמה דער גבאי. שיכור'דיג פלעגט ער וויינען ווי א קליין קינד און רעדן טומלדיג צו זיך אליין. אָבער די רייד זיינע זיינען, דאַכט זיך מיר, געווען ניכטערע: ער האָט ניט געוואָלט אז דער טאָג שמחת תורה זאָל זיך ענ-דיגן, און עס זאָל אויף מאָרגן זיין א וואָכע-דיגער טאָג, מיט א סך דאגות פרנסה. נאָר ווער האָט זיך דען צוגעהערט צו זיינע רייד? אלע אידישע טאַטעס און מאַמעס זיינען געווען אויפ-געלעבט און זאָרגלאָז דעם גאַנצן טאָג.

אפשר טאַקע דעריבער, וואָס זיי האָבן געוואוסט, אז מען וועט דאַרפן וואַרטן א גאַנץ יאָר אויף דעם יום-טוב סוכות און אויף דעם טאָג שמחת תורה.

* * * * * * * * * * *

## לאנדסלייט
## (דערציילונג)

* * * * * * * * * * *

יהודית איז געפארן מיט איר שוועס-טער סערע צו א באל פון זייערע לאנדסלייט ער-געץ אין א פארוואָרפן ווינקל פון ברוקלין - א גאנץ ווייטע שטרעקע פון דעם טייל בראָנקס, וואו יהודית וואוינט מיט איר פאמיליע.

אין דער אונטערערדישער באן איז א טומל פון די שטאַלענע רעדער, וואס קלאפן, זינגען און גיבן ארויס פארשידענע קלאנגען. אמאָל מורמלען זיי, ווי קליינע וואסער-פאלן, וואס באהעפטן זיך מיט נייע פלאכן. און אמאָל קלאפן זיי אזוי ווי זיי וואָלטן וועלן עפעס ארויס-שרייען צו די מענטשן, וועלכע זיי קאטשענען פון איין ברעג שטאט צו א צווייטער.

די מענטשן אויף די בענק זיצן שטי-לע, פארטראכטע, פרעמדע איינע צו די אנדערע. אויך יהודית מיט סערע'ן קענען ניט הערן איינע די צווייטע. זיצן זיי שווייגנדיגע, טראכטן וועגן די לאנדסלייט, וואס זיי וועלן היינט טרעפן צום באל.

יהודית איז אומגעדולדיג, זי וואָלט שוין וואס גיכער געוואָלט זען די לאנדסלייט, שוין אזוי פיל יאָרן זיי ניט געטראָפן. זי געדענקט די צייט, ווען זי איז דאָ געקומען קיין ניו יאָרק פון איר קליין שטעטל. אלץ איז איר דאָ פרעמד געווען: די גרויסע שטאָט, די ענגע צימערן, די פאבריק, די פירונגען, די שפראך - אלץ איז איר געווען פרעמד און ניט צום הארצן. בלויז די לאנדסלייט, מיט וועלכע זי פלעגט זיך טרעפן, זיינען איר געווען פאר-שטענדלעך און נאָענט.

די גרופע מײדלאַך און בחורים מיט װעל-כע זי האָט פאַרבראַכט אירע ערשטע יאָרן אין ניו יאָרק האָבן מיט איר צוזאַמען געטראָטן אין דער קלײנער שטעטלדיגער בלאָטע, די זעל-בע ביכלאַך געלײענט און מיט די זעלבע טרוי-מען אין אַמעריקע געקומען. ס'איז געװען צװישן די יאָרן 1914 און 1919, װען זײער אוקראַיניש קלײן שטעטל האָט געבלוטיגט פון מלחמה און שפּעטער געפּײניגט געװאָרן פון פּאָגראָמען. מען האָט געדאַרפט העלפן, און א סך העלפן די געליטענע קרובים און אױך די פאַמיליעס, װאָס האָבן דאָ קײן אײגענע ניט געהאַט.

דאַן זײנען אַלע לאַנדסלײט אין ניו יאָרק געװאָרן װי אײן משפּחה. מען פלעגט זיך צוזאַמענקומען און צוזאַמענקלײבן יעדנס פּאָר דאָלער, װאָס מען האָט שױן אַלײן מיט די אײגענע הענט פאַרדינט און דאָס אװעקשיקן אהײם, צו די געליטענע, זײ צו העלפן הײלן די פאַרצערטע, פאַרמוטשעטע גלידער.

װען גרעניצן האָבן זיך געעפנט און עס איז געװאָרן מעגלעך צו אימיגרירן, האָבן זיך דאַן די לאַנדסלײט צעטײלט. יע-דערער באַזונדער האָט אָנגעפאַנגען אַריבער-צוברענגען משפּחה: װער א ברודער, װער א שװעסטער, און א סך האָבן זיך פאַרליען און געבראַכט די גאַנצע פאַמיליע.

- זע נאָר, װאָס האָסטו זיך אַזױ פאַר-טראַכט? האָט סערע לאַכענדיג געצױגן יהו-דית'ן פאַר דער האַנט. קום, מיר דאַרפן שױן אַרױסגײן.

גליטשיגע שמאָלע טרעפּ האָבן זײ אַרױסגעפירט צו א פינצטערער גאַס. דאָס איז געװען א װיליאַמסבורגער געסל, מיט אַלטע נידעריגע הײזער. פונדערװײטנס האָבן זײ דערזען א קלײנעם בילדינג, באַלױכטן פון אן עלעקטרישן לאָמפּ. לעבן טיר פון

בילדינג איז געשטאנען א גרויסע שילד און מיט געדרוקטע אידישע ווערטער געמאָלדן דעם לאנדסמאנשאפט באָל.

ווען יהודית און סערע זיינען אריין אין זאל איז שוין דער באָל געווען צעוויגט אין פולן אויפשוואונג. א געדיכטער עולם פון אלטע און יונגע, פרויען און מענער, און אויך קינדער, פארפוצטע אין יום-טוב'דיגע קליידער, האָבן געהוליעט.

יהודית'ן האָט עס דערמאָנט די גרויסע שול פון איר קליין שטעטל אין אן אמאָליגער שמחת-תורה נאכט, ווען זי איז נאָך געווען א קליין מיידעלע. נאָר דאן, ווען זי פלעגט זיך אין שול ארומדרייען מיט דער פאפירענער פאָן און מיט דעם רויטן עפל אויף דער שפיץ פאָן האָט זי דעם גאנצן עולם געקענט. און איצט זיינען אלע פנים'ער איר פרעמד, און זי וואונ- דערט זיך: וואו זיינען אלע באקאנטע לאנדסלייט? אפשר האָט זי פארבלאָנדזשעט, אפשר איז זי ניט אין ריכטיגן זאל? אָבער זי האָט ניט פאר- בלאָנדזשעט, איר שוועסטער קען דאָ אלעמען. זי איז מיט זיי אין איין צייט געקומען קיין אמע- ריקע. דאָס זיינען דאָך די מענטשן פון איר שטעטל, וועלכע האָבן איבערגעלעבט יענע שרעק- לעכע יאָרן פון מגפות און פאָגראָמען.

— העלאָ, יהודית! — כאפט איר ארום א הויכער מאן, מיט א לאכנדיגן גוטמוטיגן פנים. זי דערקאָנט אים באלד, דאָס איז דאָך גדליה חיים-וואָוצע'ס. זי קען אים דאָך זינט זי געדענקט זיך אליין. אין זייער קליין שטעטל זיינען זיי געווען שכנים, געוואוינט אונטער איין דאך; דער זעלבער שטרויענער דאך האָט באדעקט זיין הויז און איר הויז. איין וואנט האָט זיי אָפגעטיילט.

זי געדענקט נאָך די טעג ווען דער זי- בעצן-יעריגער בן יחיד'ל גדליה האָט זיך געקליבן צו פארלאָזן זיין היים. די מאמע

זיינע האָט א גאַנצע וואָך געבאַקן פאַר אים קיכלאַך און זיי באַנעצט מיט טרערן. דער טאַטע זיינער איז אַרומגעגאַנגען א פאַרטראַכטער און עפּעס געמורמלט אין זיין גרויליכער באָרד אַריין. נאָר זיינע צוויי עלטערע שוועסטער האָבן אים שטאַרק מקנא געווען, וואָס ער פאָרט קיין אַמעריקע. יהודית האָט זיך שוין דאַן אויך געגרייט צו פאָרן קיין אַמעריקע. איז זי געווען צופרידן, וואָס זי וועט דאָרט האָבן אזא נאָענטן שכן.

אין אַמעריקע האָט גדליה געאַרבעט אַלס פּרעסער אין א שאַפּ און אין אָוונט זיך געלערנט ענגליש אין א „פּריפּערעטאָרי סקול". ער האָט געוואָלט ווערן אַן אינזשענער, בויען בריקן... ער איז אָבער פאַרבליבן א פּרעסער ביי פּרויען-קליידער.

איצט שטייט גדליה לעבן יהודית'ן, פרעגט זיך ביי איר נאָך וועגן אַלץ: וואָס מאַכט איר מאַן? איר טאָכטער? ער האָט געהערט, אַז זי האָט א פיינעם מאַן און א געראָטענע טאָכטער. אויך ער האָט א טאָכטער, זייער א שיין מיידל. זי איז טאַקע דאָ אין זאַל, געוואָלט גיין צום טאָסטמעסטער באַל, וואו איר טאַטע איז סעקרעטאַר. אָט-דאָרט שטייט זי, זעסטו? יהודית זעט פון דערווייטנס א מיידעלע פון א יאָר דרייצן, מיט א ווייס פאַרפּודערט פּנים'ל, רויטע פאַרשמירטע ליפּעלאַך, אָנגעטאָן אין א העלבלויען באַל-קליידל, וואָס פּאַסט זיך פאַר א דערוואַקסענער פרוילין. אירע שיך - שוואַרצע, גלאַנציגע, מיט הויכע אָפּצאַסן.

יהודית טראַכט צו זיך, אַז זי איז אינגאַנצן גאָר ניט באַקאַנט מיט די מענטשן, וואָס זיינען איר אזוי נאָענט און אייגן; זי ווייסט גאָר ניט וועגן זייער לעבן - וואָספאַר א דערציאונג גיבן זיי דאָ, אין היגן לאַנד, זייערע קינדער. פּלעכטן זיי צוזאַמען די שיינע גייסטיגע מידות פון זייער שטעטל מיט דעם אַמעריקאַנער וועלטלעכער דערציאונג?

אָדער זיי לאָזן זייערע קינדער זיך אַנטװיק-
לען אין דער טומלדיגער גאַס פון דער גרוי-
סער שטאָדט?

אירע געדאַנקען װערן איבערגעריסן פון
איר שכן גדליה. ער רעדט צו איר מיט אַ
נאָענטן צוטרוי, װי ער זאָל עס האָבן גע-
טראָפן אירע טראַכטענישן. ער װיל װיסן
פאַרװאָס זי קומט ניט אַמאָל צו אַ סאָסייעטי
מיטינג פון די לאַנדסלייט; מען דאַרף זיך
ניט דערװייטערן פון לאַנדסלייט, זאָגט ער איר
מיט איינגעהאַלטענעם פאַריבל אין זיין שטימע.

יהודית האָט פון איר האַנט-בײטל אַרויס-
גענומען אַ קליין ביכעלע מיט ברוינע טאָװלען
און אויסגעפּרעגט װען עס פאַרזאַמלט זיך די
פּרויען-אַקזילערי.

- װאָס, דו מיינסט טאַקע צו קומען?

- יאָ,- האָט זי שטיל געענטפערט.
ביידע האָבן זיך צופרידן אָנגעקוקט און גע-
נומען שפּאַנען צום טאַנצענדיגן עולם.

די מוזיק האָט דאָן פאַרענדיגט אַ שער
און אָנגעפאַנגען שפּילן אַ פריילעכס. פון
אַלע טאַנצענדיגע רעדלעך איז געװאָרן איין
גרויסע ראָד, װאו יהודית און גדליה האָבן
זיך אויך איינגערינגלט.

הענט מיט הענט האָבן זיך װאַרעם גע-
האַלטן. פיס האָבן, טאַנצענדיגע, פאַראויס
זיך געצויגן. אויגן האָבן פריינדלעך גע-
שמייכלט. יהודית האָט געטראַכט, אַז מען
דאַרף זיך דערנעענטערן צו די לאַנדסלייט...

* * * * * * * * * * * * * *

# צו גאַסט בײַ די קינדער
## (דערצײלונג)

* * * * * * * * * * * * * *

ס'איז נאָך געװען אין א זײער פריער שעה פון טאָג, װען זיסל מילער האָט זיך שטיל ארומגעפּאָרעט אין א לופטיגן גרויסן שלאָף צימער אײַנפּאַקנדיג אירע קלײדער און גרײטנדיג זיך אין װעג אַרײַן. יע, זי האָט פעסט בײַ זיך באַשלאָסן, אז טאקע נאָך הײַנט דאַרף זי פון דאַנען אַװעקפאָרן.

זיסל װײסט, אז אָט-באַלד װעלן די קינדער אויפשטײן און װידער אָנהויבן אויף דאָס נײַ איר אײַנצורײדן, אז זי זאָל בלײַבן בײַ זײ אויף כאָטש נאָך א װאָך. די שנור װעט קוקן אויף איר מיט א פאַריבל אין אירע בלויע אויגן און װעלן װי רײדן צו איר: „מאַ, זאָג מיר פאַרװאָס װילסטו פון אונדז אזוי גיך אַװעקפאָרן"? און דער זון אירער װעט זיך קינדעריש כעס'ן אלעמאי זײַן מאמע װיל אזוי אײַלנדיג פון אים אנטלויפן. אָבער דאָס ערגסטע װעט זײַן פאַר איר זיך צושײדן מיט איר דרײַ-יעריגן אײניקל דזשאָו; יענער איז גאָר געװאָרן פאַרליבט אין איר זינט זי איז דאָ בײַ די קינדער צו גאַסט. באַלד װי ער שטײט אויף פון שלאָף קומט ער גלײַך צו „גרענדמא" מיט זײַנע שפּילצײַג און בײדע צוזאַמען פאָרט מען אויף קינדערשע אויטאָמאָבילן, שיפן און עראָפּלאַנען. א װעלט איז מען שוין צוזאַמען אויסגעפאָרן און אפילו אין די הימלען צו דעם שטערן מארס געפלויגן, טאקע אויף דזשאָו'ס עראָפּלאַן.

זיסל'ס פנים שײַנט אויף מיט באַבעשער פרייד טראַכטענדיק פון איר אײניקל, װי ליב און קלוג ער איז. נאָר פאַרװאָס דאַרף אים זײַן מאַמע אַװעקנעמען יעדן מאָל פונקט אין די דער־פרײענדיקע מינוטן פון שפּיל. דאָס איז טאַ־קע אײנע פון די פילע סבות פאַרװאָס זי אײַלט זיך אַװעקפאָרן פון די קינדער: זי װיל ניט װאַרטן ביז די שנור װעט איר עפּעס זאָגן אַזעל־כעס אין װערטער, װאָס װעט איר שטאַרק װײטאָן.

אָבער אפשר דאַכט זיך איר בלויז אויס, אַז דערפאַר װאָס דאָס אײניקל װערט אַזוי גערן צוגעצויגן צו זײַן באָבע'ן איז זײַן שײנע מאַ־מע אײפערזיכטיג אויף איר? װער קען דען װיסן מענטשלעכע עמאָציאָנעלע און קאַפּריזנע געפילן?

נאָר װי עס זאָל ניט זײַן, דאַרף מען צו לאַנג די רו פון קינדער ניט שטערן. די װאָך צײַט װאָס זי איז דאָ האָט זי גאָר פײַן פאַרבראַכט. דער זון האָט אין זײַן יעדע פרײַע שעה צוגעגרייט פאַרגעניגנס צו אַמוזירן זײַן מאַמע'ן. ער האָט צוזאַמען מיט זײַן װײַב און קינד זי אַרומגעפירט אין זײַן מאַשין איבער שײנע ברײטע בולװאַרן פון דער שטאָט; זײ האָבן צוזאַמען באַזוכט פאַרשידענע מוזעאומס, טעאַטער פאָרשטעלונגען, און גוטע מוזיקאַלישע קאָנצערטן פון אַלעם בעסטן, װאָס די שטאָט פאַרמאָגט האָט מען דער מאַמע'ן מיט כבוד געגעבן צו פאַרזוכן.

זיסל האָט אַזוי טראַכטענדיק שוין געהאַט פאַרפּאַקט איר רענטצל גרייט צו דער רײזע. פאָרן האָט זי געדאַרפט ערשט אין עטלעכע שעה אַרום. אין הויז איז נאָך אַלץ געװען זײער שטיל; זי האָט געקענט הערן דאָס ריטמישע אָטעמען פון אירע קינדער, װעלכע זײַנען געשלאָפן אין אַ צװײטן צימער. זאָלן זײ שלאָפן געזונט, האָט די זײ שטיל געװאונטשן.

דורך דעם צעעפנטן פענצטער האָט אַרײַנ־געבלאָזן אַ זומערדיק װאַרעם װינטל און לײכט באַרירט זיסל'ס פאַרקלערטן פנים, װאָס האָט איר

דערפרישט מיט דעם ריח פון פיכטן געשניטענעם גראָז. זי האָט דערפילט א באַגער ארויסצוגיין אין דרויסן זיך דורכשפּאַצירן איבער דער ברייטער, שטילער גאַס מיט די קליינע צוגרינטע לאָנקעס ארום די פּריוואַטע רואיגע היימען. נאָר זי האָט אָבער געזשאַלעוועט די צייט. איר איז ליבער געווען צו זיין מיט אירע קינדער צוזאַמען דעם לעצטן פרימאָרגן און טיילן מיט זיי די זונטאָגדיגע רו.

נאָר מיט איין מאָל האָט זיך ווי העלע זון צעשיינט אויף איר פּנים. זי האָט זיך דערנעענטערט צו דעם קינדערשן שלאָף צימער און גאָר שטיל מיט ווייכע שטעק-שיך אריין איינעווייניג אין צימער. דאָרט האָט זי דערזען דאָס ווייסע קינדערשע בעטל און געקוקט נחת'דיג אויף דעם שלאָפענדיגע איינגעלע, וואָס איז געלעגן מיט זיין בלאָנדען קעפּל אריינגערוקט אין דעם סאמע ענד פון בעטל; און די אָפּגעדעקטע באָרוועסע פיסלאך זיינען געווען צעשפּרייט איבער דער גאנצער ברייט פון דעם קליינעם געלעגער; זיינע פולע פּוכקע הענטעלאך האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אין דעם פאַרברוינטן חן'עוודיגן פּנים'ל, וואָס האָט געשמייכלט און געמאכט גרימאַסן מיט די ליפּעלאך.

זיסל האָט געטראַכט, אז דאָס קינד חלום'ט אוואדע א גוטן חלום, וואָס מאַכט אים צו שמייכלען אזוי ליב. אָבער וואָס א שטייגער קען א דריי-יעריג איינגעלע חלום'ען? אפשר גאָר וועגן די שיינע מעשות, וואָס זיין באָבע האָט אים דערציילט? און אפשר וועגן די חיות, וואָס זיי האָבן נעכטן צוזאַמען געזען אין שטאָטישן פּאַרק, דאָרטן אין די פאַרשפּאַרטע שטייגן פון דעם זאָאָלאָגישן טייל פּאַרק?

קוקנדיג אזוי אויף דעם אייניקל און וועלענדיג טרעפן זיינע חלומות, האָט זיך זיסל דערמאָנט אין א גאָר לאַנג פאַרגאַנגענעם קאַלטן אָקטאָבער פרימאָרגן, ווען זי האָט געהאַלטן

אין איר האנט עזרא'ס קליינע הענטעלע און זיי זיינען ביידע געשטאנען ביים ראנד פון א ברייטן טראָטואר, וואו מענער און פרויען און אויך קינדער האָבן אין רייען ארומגעשפאנט לעבן א גרויסע גרויע געביידע. דאָס איז געווען א מאסן פיקעט פון סטרייקנדיגע ארבעטער מיט זייערע פאמיליעס, וועלכע האָבן זיך דעם טאָג באטייליגט אין א לאנג פארצויגענעם גענעראל סטרייק פון מענער קליידער.

זיסל'ס מאן, וואָס האָט אויך געארבעט אין דעם פאך, איז דעמאָלט אויך געווען צווישן די מארשירענדע סטרייקער, און ווען איר קינד האָט דערזעען דעם טאטן לעבן דער געביידע, האָט ער איר געצויגן מיט קינדערשן אימפעט, אז זי זאָל גיין מיט אים צו „דעדי'ן". די ארבעטער ארום האָבן עס באמערקט און פריינדלעך גע-שמייכלט צו איר דריי-יעריגן אינגעלע. זי האָט שוין געוואָלט זיך דערנעענטערן צו די מענטשן און זיך שטעלן אין זייערע רייען, ווען זי האָט דערהערט א פריידיגן אויסגעשריי פון איר קינד: „מאמע, זע נאָר וויפל פערד!

און זי האָט טאקע דערזען אָנקומען שיינע, גרויסע אויסגעפאשעטע פערד און אויף די פערד זיינען געזעסן ביידע פאָליציאנטן, וועלכע האָבן געטריבן די פערד גלייך אויף די שפאנענדיגע פרידלעכע מענער און פרויען. זי געדענקט ניט גענוי ווי אזוי איר איז דאן געלונגען אוועקצונעמען דאָס קינד אומגעשעדיגט פון די צעווילדעוועטע פערד. זי געדענקט נאָר, אז בא-נאכט האָט איר עזרא זיך אומרואיג געדרייט אין זיין בעטל און וויינענדיג פון שלאָף געמורמלט מיט זיינע ליפעלאך נאָכאנאנד די ווערטער: פערד.

מיט פארטערטע אויגן וועגן די זכרונות פון אמאָל, האָט זיסל נאָך אלץ געקוקט אויף איר שלאָפענדיגן איינציקל און אים געזען אזוי ענלעך צו זיין טאטן, ווען יענער איז א קינד געווען, און זי האָט זיך ווי געפרעגט:צי ווען

דאָס אײניקל אירס, װאָס ציט די פעדים פון איר לעבן, קענען אמאָל פאַרשטײן זײן טאַטן׳ס קינדהײט, און אויך די אומשטענדן, אין װעל- כע ער האָט זיך דערצויגן? די צײט פון יאָרן און פאָרשריט האָט דאָך געענדערט אזוי שטאַרק דאָס לעבן פון דעם נײען װאַקסענדיגן דור.

פאַרטראַכט אין מחשבות האָט זיסל פּלוצלונג דערפילט אויף איר קאָפּ די באַרי- רונג פון א װאַרעמער האַנט. לעבן איר איז געשטאַנען איר זון עזרא א שמײכלדיגער, און א פאַר׳חידוש׳טער. „מאַמע, װאָס װײנ- סטו?„

זי האָט צוגעלײגט א פינגער צו אירע ליפּן, אלס צײכן, אז ער זאָל זײן שטיל און ניט אויפװעקן דאָס קינד. אָנעמענדיג זײן װאַרעמע שטאַרקע האַנט האָט זי אים גע- פירט צו זיך אין צימער אריין, כדי זײ זאָלן בײדע קאָנען אביסל שמועסן. אין צימער האָט דער זון באַלד דערזען איר פאַרפּאַקטן װאַליז און װי פאַרשטאַנען אירע טרערן.

ער האָט געװאָלט איר באַרואיגן, איר זאָגן עפּעס װאָס זאָל איר דערפרײען אזוי אז די צעשײדונג זאָל זײן אָן אנגענעמע. און פּונקט װי ער זאָל עס װיסן איר איצטיגן געמיט האָט ער שטיל צו איר װאַרעם גערעדט, אז זי דאַרף זיך גאָר ניט זאָרגן װעגן דזשאָו, איר אײניקל - זײן מאַמע װעט אויף אים אכ- טונג געבן און אים אָפּהיטן פון שלעכטס. און „מיר װעלן זיך באַמיען אים צו פירן אויף די װעגן, װעלכע מײן טאַטע און מאַמע האָבן מיך געפירט„.

זיסל האָט מיט א טיכל אין אירע הענט געװישט פון אירע אויגן די טרערן און שמײכל- דיג געקוקט אויף איר ליבן זון. פון קיך האָט זיך דערטראָגן צו זײ א ריח פון פרישע „גרידל„ לאַטקעס, און זי האָט דערהערט דאָס קלינגענדיג מעלאָדיש קול פון איר שנור, רופנדיג זײ צום טיש עסן פרישטיק.



oif der velt ge bracht Dai
zungen a shlof lid



dai dia dâi dai dai dai dai



dia dai dai dai dai dai dai dai



dai dai dai dai dai dai dai




dai dai dai dai



WORDS: FANNIE KAUFMAN MUSIC: HENECH KON

## YIDISH



Shem zich nit mit Yi dish
Host ge redt nor Yidish



Shem zich nit main zun Yi dish iz
Bist ge ven a kind Shem zich nit



ge lai tert vi di licht fun
mit Yi dish Shem zich nit a



zun Of Yi dish hot dain ma me
tzind Of Yi dish hot dain ma me



ge redt dir in ihr tracht
ge tzertlt dich [illegible] in vig



Mit Yi di shen och un vei dich
der tzelt dir sheine maises ge